מאיר זימל טקאַטש

# דאָרשט צום קוואַל

## לידער

פארלאג „מחבר"
ניו־יאָרק, 1952

## ביכער פון מאיר זימל טקאַטש:

אויף גאַטס באַראַט, 1927
דאָס טייכל קאַטשעט זיך אויפן בייכל, 1933
זון איבער אַלץ, 1936
אין שאָטן פון דיר, 1939
נח'ס קאַסטן, 1942
בלוט שריים פון דער ערד, 1946
פון דור צו דור, 1947
דאָרשט צום קוואַל, 1952

# DORSHT ZUM QUAL
(TOWARDS THE SOURCE)

By

MEYER ZIML TKATCH

געדרוקט ביי די ברידער שולזינגער

PRINTED IN THE U.S.A. BY
SHULSINGER BROS. LINOTYPING & PUBLISHING CO.
21 EAST 4TH STREET, NEW YORK 3, N. Y.

253

# דאָרשט צום קוואַל
## ל י ד ע ר

**אָפּטיילן:**

# אַ וואָרט פון מחבר

אין דעם בוך האָב איך געזאַמלט כמעט אַלץ, וואָס כיהאָב געשריבן אין פערזן פאַר די לעצטע פינף יאָר; אויך עטלעכע אויסגעבעסערטע לידער פון מיינע פריערדיקע ביכער. צוליב דעם אליין וואָלט זיך ניט געלוינט צו שרייבן די הקדמה, היות אָבער איך האָב עפּעס נאָך דעם אויפמערקזאַמען לייענער צו דערקלערן, לאָז איך אים שוין וויסן וועגן דעם אויך.

דער עיקרשט וויל איך דערקלערן פאַרוואָס איך באַצייכן די לעצטע אָפּטיילונג אין בוך מיטן נאָמען „גראָטעסק". די באַצייכענונג איז אַ התנצלות און אַ וואָרענונג צוזאַמען: אַ התנצלות פאַרוואָס ערנסט און שפּאַס הויזן ביי מיר אונטער איין דאַך, — דער נאָמען „גראָטעסק" איז דאָס שפּאַנישע ווענטל צווישן זיי; און אַ וואָרענונג איז דאָס צו דעם קריטישן לייענער, אַז ער זאָל אין דער דיכטערישער איבערקרימונג ניט זוכן קיין פּאָעטישע שטימונג.

וואָס שייך מיר, — שעם איך זיך ניט מיט מיינע שטיפערייען און איך האָף, אַז מיין שמייכל וועט אַרויסרופן אַ שמייכל.

מ. ז. ט.

א

# דאָרשט צום קוואַל

איך בענק צו דיר נאָך איידער איך האָב דיך געפונען,
ווי ס׳דאָרשט אַ מענטש נאָך איידער ער געפינט אַ קוואַל.
איך וועל דיך זוכן אינעם וואָלקן און אין שטראַל,
און אין פיל ערטער, ווי דער גרעבער פון אַ ברונען.
איך דאָרשט צום קוואַל, פון וואַנען כ׳בין אַרויסגערונען —
איז גילטיק אויפן קוואַל, וואָס אויפן טראָפ איז חל?
האָסטו, ווואולקאַן, שוין אויסגעשמאָלצן דיין מעטאַל?
האָסטו שוין, גאָט, אַרויסגעשטראַלט די זון פון זונען?

איך בענק צו דיר, ווייל איך פאַרנעם אין זיך דיין רוף,
נאָר ביסטו דען אַ שמ׳ע אין אַ גולמס גוף
און ביסטו אויך פאַראַן אין מיין נשמה־פּלאָנטער?
אַ בלינדער, דאַרף איך דיך נאָך זוכן אומעטום —
אין שטעקן און אין שטיין, אין דאָרן און אין בלום,
און אפשר האָב איך דיך געפונען, ניט־דערקאָנטער.

## ב

# אין דיר געראָטן

מיין קאָפּ פאַרלייקנט דיך, מיין האַרץ — באַשטעטיקט,
איך בין מיט סתירות פול — אין דיר געראָטן:
דו ביסט אי לויטער ליכט, אי שוואַרצער שאָטן,
אי דער, וואָס שטראָפט, אי יענער, וואָס באַגנעדיקט.
די אויגן מיט דיין חושך אָנגעזעטיקט,
איך בין אַ בלינדער צו דיין זיו־השכינה,
און פון דיין דונער טויב, דיין שטים די דינע
אין אויער מיינעם ציטערט אָפּ פאַרשפעטיקט.

דעריבער זיינען קאָפּ און האַרץ צעריסן,
דאָך פון מיין קאָפּ, וואָס לייקנט מיט זיין וויסן,
און פון מיין האַרצן, וואָס איז מודה מיט זיין אַנען,
ווי פון עלעקטריק־שטראָמען צוויי קאַפּוירע,
גייט אויף אין מיר — פון דיר אַ ניצוץ, בורא,
און כ׳צינד זיך אָן און ווער אַ הייסער מאמין.

ג

# אַן אור־באַקאַנטשאַפט

איך טראַכט דיך, גאָט, ניט אויס אַ יש־מאין —
איך בענק נאָך דיר, ווייל כ׳האָב דיך שוין געקאָנט;
דאָס האָט מיין בענקשאַפט זיך אין דיר דערמאָנט,
אַן אור־באַקאַנטשאַפט בענק איך צו באַנייען.
איך קאָן זיך פון דער בענקשאַפט ניט באַפרייען —
דיך צו דערפילן ווי פאַרצייטן נאָנט
מיין האַרץ, וואָס היט דיין זכר, בעט און מאָנט
און ס׳איז מיין קאָפּ באַזעסן פון דעם רעיון.

נאָך איידער ס׳האָט די מאַמע מיך געזויגן,
האָסטו שוין לאַנג געהאָט מיך אויפגעצויגן.
איך האָב פאַרגעסן — זינט דעם מלאכס שנעל,
נאָר זיכער בין איך אויף דיין שויס געזעסן
און פון דיין האַנט געטרונקען און געגעסן,
ווייל, טאַטע זיסער, ס׳בענקט צו דיר מיין זעל.

ד

# ירושה

מיין נאָמען איז אין אָנדענק פון מיין זיידן,
מיין צווייטן זיידנס נאָמען ווייס איך ניט,
נאָר אין געדעכעניש פון מיין געבליט
פאַרגעסן האָב איך גאָרנישט ניט פון ביידן.
כ׳בין אָפּטמאָל אין דערפאַרונגען געניט,
וואָס איך האָב ניט דערוואָרבן מיט קיין ליידן.
מיין גאָרטן, אָדם, איז ניט קיין גן־עדן,
נאָר כ׳דאַנק דיר, זיידע, פאַרן זאָט פון שניט.

דער נאָך־טעם אָבער פון דער פרייד פון פריידן,
וואָס כ׳שפּיר אין מיינע טיפסטע אינגעווײדן,
איז איידער כ׳האָב געירשנט מיין געבליט.
ס׳איז ריינער גייסט, פון בלוט צו אונטערשיידן.
אָט די ירושה איז ניט פון קיין זיידן,
אָט די ירושה איז פון גאָטס געמיט.

ח

# איוב

דיין רוט זאָל קושן דער, וואָס טוט זיך שרעקן,
די טמא האַנט צו בייסן — איך בין דרייסט:
ניט היל זיך, גאָט, אין שטן, ווען דו שמייסט, —
כדי דיין טאָפּלט פּנים צו פאַרדעקן.
און זאָל דער חונף לויבן דיינע פלעקן,
נאָר איך וועל קראַצן די צרעת, וואָס ווייזט:
אָט זע אין וואָס ס'פאַרוואַנדלט זיך דיין גייסט —
עס טוט אין שחין דיין שכינה זיך אַנטפּלעקן.

און זאָל אויף שכר דער רעכטפאַרטיקער האָפן,
ס'האָט מיך דיין עונש ניט פאַר זינד געטראָפן,
מיין האַרץ איז אָבער אַלץ דיין פרייער קנעכט.
איך רוף דיך צו אַ משפט, פאָדער יושר
און שלימות פאָדער איך, ניט זיי זיך סותר,
גיב צו, באַשעפער, אַז איך בין גערעכט.

ו

# חרטה

מיט איין האַנט, גאָט, פאַרצערטלסטו די בלומען
און שטאַרקסט די דערנער מיט דער צווייטער האַנט.
די וועגן דיינע זיינען אומבאַקאַנט,
דאָך איין וועג דיינעם ווייס איך וואויל — דעם קרומען.
נאָר כ׳האָב דיין אומצופרידנקייט באַנומען
פון פאַלנדיקן שטערן, ווען ער מאַכט
אַ קריעה־ריס אין תכלת פון דיין טראַכט,
און — פון דער ערד, ווען אירע קראַמפּן קומען.

דאָס שטעכט דיך, גאָט, דער דאָרן אין דיין פאַלד.
דו זאָגסט כי־טוב און ברענגסט אַ מבול באַלד,
פאַרקרימסט אין צער דיין בענטשנדיקן שמייכל;
דו האָסט חרטה, אפשר פילסטו שאַנד. —
אויב ס׳איז פאַר דיר קיין מאָס ניט מיין פאַרשטאַנד,
געדענק, אַז ס׳האָט באַשאַפן אים דיין שכל.

ז

# אומפאַרענדיקט

האָסט, בורא, מיך באַשאַפן אומפאַרענדיקט,
אין זיך געראָטן האָסטו מיך געמאַכט. —
אָ גאָט, ביסט אַליין נאָך אַ געדאַנק, וואָס טראַכט,
וואָס האָט מיט זיך אַליין זיך ניט פאַרשטענדיקט;
ביסט אַליין נאָך אַ נשמה אָן אַ תיקון
און אין גלגולים זוכסטו דיין געשטאַלט. —
דערפאַר האָט משה אויפן באַרג אין שפאַלט
דיין אָנגעזיכט נאָך ניט געקאָנט דערבליקן.

האָסט, בורא, אומפאַרענדיקט מיך באַשאַפן,
ניט מיטן ציל אַ גולם צו פאַרשקלאַפן —
דו האָסט פון דיינע מידות מיר געשענקט,
אַז איך — אַ גלגול פון מיין בוראס ציקלען —
זאָל זיך דערשאַפן — דיין געדאַנק אַנטוויקלען,
דערדענקען, גאָט, וואָס דו האָסט ניט דערדענקט.

ח

# לשמה

אָ גאָט, פאַרוואָס זאָל איך דיך האָבן ליב?
אַז ווען איך רוף צו דיר פון טיפסטן דנאָ,
איז אומעטום דיין מקום, אויסער דאָ.
וואו ביסטו, ווען איך בייס ביז בלוט די ליפּ?
ביסט דעמאָלט מיט דער מילב, טוסט איר צוליב,
באַוויליקסט אויך דער מילב אַ חיי־שעה.
ביי דיר איז קיין להבדיל דאָך ניטאָ,
אי גריץ, אי זעמלמעל זיפּט דורך דיין זיפּ.

פאַרוואָס זשע, בורא, האָב איך פאָרט דיך ליב?
איך בעט אַפילו זיך ביי דיר: פאַרגיב,
אויב כ׳שילט אַמאָל מיין מזל ווי אַ קראָ.
נעם צו ביי מיר אַ האַנט, אַ פוס, אַ ריפּ,
לאָז איבער נאָר איין לונג צו טאָן אַ זשיפּ
און איך וועל אַלץ דיך האָבן ליב — לשמה.

ט

# איך אָן דיר בין קליין

דו ביסט ניט בעסער פון אַ גען אַ טויבן,
דיך רירן מיינע תפילות ווי אַ שטיין.
איך בייס ביז בלוט די ליפּן מיט די ציין,
נאָר ס׳הערט מיין האַרץ ניט אויף אין דיר צו גלויבן.
ניט דו דאַרפסט מיינע תפילות, מיינע לויבן,
ביסט אָן מיר גרויס, נאָר איך אָן דיר בין קליין.
איך הייליק דיך און הייליק זיך אַליין,
איך גרויס דיין נאָמען און איך ווער דערהויבן.

אָ גייסט, דו אומבאַשרענקטער, ניט־פאַרמענטשטער,
די ברכות מיינע דאַרפסטו ניט, געבענטשטער,
און אויף מיין ליבשאַפט קוקסטו זיך ניט אום,
נאָר דער, וואָס טרייבט פון האַרץ — צו דיר די בענקשאַפט,
פילט אויס די ליידיקייט מיט וויסטער קרענקשאַפט,
גיסט אויס דעם האָניק, פילט אָן מיט סם די בלום.

י

# און אפשר

און אפשר מיט אַ כיוון, טאַטע זיסער,
פֿאַרשטויסטו מײַנע תּפֿילות פֿון דײַן טויער —
ווען ס׳ברענט, ווילסטו ניט זיין מיין פעסטער מויער
און — ניט מיין פעלדז, ווען ס׳שטורעמט אַ געוויסער —
איך זאָל דערפֿאַר ניט פֿאָלגן בלינד דיין איסור,
ניט לאָזן קנעכטיש שטעכן זיך אַן אויער,
נאָר בעסער זוכן שוץ אין פרייען טרויער
און זיין מיין ווילנס אייגענער באַשליסער.

עס זאָל דיין קינד, וואָס איז אין דיר געראָטן
(וואָס אָטעמט מיט דיין אומרואיקן אָטעם)
אַליין געפינען זיך, אַזוי ווי דו.
אַ וויפיל כאַאָס האָסטו אויסגעשטורעמט,
ביז דו האָסט, גאָט, אַ סדר אויסגעפורעמט
און אפשר האָסטו אַלץ נאָך ניט קיין רו.

יא

## דו

דיין מקום איז אַ וויסטער און אַ קאַלטער,
דיין וואַסער וואַרעמסטו מיט ווינט פון דאָרשט
און אין דער פינצטער לייטערסטו און קלאָרסט
די אויגן פאַר אַ זעאונג אַ צעשטראַלטער.
דו זעסט אין איר ניט זיך, דו קליין־זיך־האַלטער,
און ווי גאָר קיינמאָל ניט דיין האַרץ געפאָרשט,
אין אַלע זעאונגען, וואָס דו פאַרוואָרסט,
באַווייזטו זיך ניט ווי אַ זעלבסט־געשטאַלטער.

אין זעלבסט־פאַרניינונג אַנאָנים צו בלייבן,
דיין נאָמען טוסטו אויף דיין ווערק ניט שרייבן,
כאָטש אויף זיין פּנים איז פאַראַן דיין שטריך.
מיט שטאָלץ און גייץ, אַראָפּ פון פעלדזן הויכע,
האָט ניט דיין שטים געדונערט עס „אָנוכי״,
דאָס האָט דער מענטש געהערט זיין אייגן „איך״.

יב

# קאָסמאָלאָגיע

„אין אָנהייב איז געווען אַ גייסטיק ליכט.
„עס האָט געחלומט און גענומען דענקען,
„מיט לאָגישע געזעצן זיך באַשרענקען,
„געוואָרן ווי אַ צימצומדיק געדיכט
„און האָט אין אומרואיקן גלייכגעוויכט
„גענומען דרייען זיך און זוכן, בענקען
„נאָך אויסדרוק, פאָרעם, אַ באַשטימט געזיכט,
„נאָך אָטעם, ליבע — זיך אַוועקצושענקען.

„און ס'האָט זיך אָפּגעזעצט אין חומר, פאָרעם
„און איז געוואָרן ערד און מענטש און וואָרעם.“ —
איך ווער דאָס פון אַ פילאָזאָף געוואויר.
אַ שיינע מעשה. פילאָזאָף, ניט בעבע.
אונדז לערנט לאַנג שוין משה אונדזער רבי
דעם בוראס ערשטע מימרא „יהי־אור“.

יג

# צום מקור

אין אָנהייב האָב איך, גאָט, דיין ליכט געזויגן
און כ׳וועל צום סוף נאָך טרינקען פון דיין ליכט.
די פינצטערניש פון לעבן איז געווען געדיכט,
נאָר כ׳האָב ניט אויסגעשטאָכן זיך די אויגן.
אין צער, ווי שפּיגלען האָב איך זיי פאַרצויגן,
ווען ס׳האָט דער מבול בלוט פאַרדעקט דער ערדס געזיכט,
נאָר כ׳האָב זיי אָפּגעהיט, ווי איך וואָלט זיך געריכט
אויף דיין געשפּאַנטער בריק — דעם רעגנבויגן.

איך בין אין לעבנס חושך ניט קיין פלעדערמויז,
וואָס היפּערט דאָס באַלויכטן פענצטער פון אַ הויז,
נאָר כ׳בין אַ נאַכט־מאָטיל, אַ ליכט־פאַרבלענדטער —
איך פלאַטער, שטויס זיך אין דער העלער שויב
און פון די בענקענדיקע פליגל פאַלט דער שטויב —
אָ גאָט, לאָז צו מיך צו דיין ליכט־קוואַל נענטער.

יד

# פאַרברען מיך

ניט פעסט פאַרגרונטעוועט אין פינצטערניש פון באָדן,
כ׳בין ווי אַ בוים אין שפּאַלט פון שטיין, וואָס אויף אַ באַרג.
איך וויל זיך גאָרניט טיף פאַרוואָרצלען, ווערן שטאַרק,
בלויז ציען זיך צום הימל און אין ליכט זיך באָדן —
ביז ס׳וועט מיך אויספּליקן דער ווינט, צו קיינעמס שאָדן,
אָט ווי מען רייסט אַרויס אַ טויטן בוים פון פּאַרק, —
איך בין אַן איבעריקער דלפן אויף אַ מאַרק,
כ׳באַזיץ אַפילו ניט מיין גוף — ס׳איז גאָטס פּקדון.

באַשעפער, נעם צוריק, וואָס דו האָסט מיר געטרויט,
נאָר כ׳בעט דיך, לאָז ניט איך זאָל פוילן נאָכן טויט
און אין דער פינצטערניש פון קבר ניט באַהאַלט מיך,
נאָר טרעף מיך מיט דיין בליץ און ווי אַ בוים פאַרברען,
אַז איך זאָל ווערן ווידער, וואָס איך בין געווען,
פאַרוואַנדלען זיך אין ליכט, וואָס האָט אַרויסגעשטראַלט מיך.



# ווי צוויי וואָס אָטעמען מיט איין געמיט

אַראָפּגעצויגן פון די פיס די שיך,
האָב איך, אַ נישטיקער, פאַר גאָט געקניט,
ווייל גאָט איז דריי מאָל הייליק, — ווער בין איך
וואָס אָטעם מיטן הויך פון זיין געמיט?

האָט גאָט אַראָפּגעצויגן זיינע שיך
און האָט אַליין אין שטויב פאַר מיר געקניט,
ווייל דריי מאָל הייליק אויך ווי גאָט בין איך —
אַ הויך אַ געטלעכער פון זיין געמיט.

און ביידע האָבן מיר אין שטויב אָן שיך,
פאַרגאַפּטע פאַר דער הייליקייט, געקניט
און ס׳האָט דערנידעריקט זיך גאָט ווי איך
פאַרוואונדערט פאַרן הויך פון זיין געמיט.

ביז ס׳האָבן די פאַרשעמטע גרויע שיך
אונדז נאָכגעקרימט — ס׳האָט שוך פאַר שוך געקניט,
און זיך דערזען אין זיי האָט גאָט און איך —
מיט אונדזער גאַנצער שפלות פון געמיט.

און שטויב אַנטקעגן שטויב, וואָס אויף די שיך,
האָט זיך געבוקט, געקוילערט זיך, געקניט,
אַז גאָט אַליין האָט זיך צעלאַכט, און איך
האָב מיטגעלאַכט מיט אַ באַפרייט געמיט.

זינט דעמאָלט צי איך ניט אַראָפּ די שיך,
איך שטיי פאַר גאָט — ניט ווי אַ קנעכט, וואָס קניט.
אינטים איז גאָט, און היימיש־פריי בין איך,
ווי צוויי, וואָס אָטעמען מיט איין געמיט.

# דער סקולפּטאָר

בן־אָדמ׳ען דאַרף אָפּשיקן דער טויט אַהיים
צו ברענגען אים מיט מאַמע־ערד צוזאַמען.
דער סקולפּטאָר איז ניט מורד אין זיין מאַמען,
ער איז ביים לעבן נאָך מקיים כיבוד־אם.
ער צערטלט איר געשטיין און גלעט די רודעס ליים
און אַרץ, דעם ניט־געלייטערטן אין פלאַמען,
און כאָטש די ערד איז שטום — אַ תם ווי אַלע תמ׳ען,
ער טרעפט שוין וואָס די מאַמע ווינטשט געהיים.

ער קלעפּט, באַלעבט איר ליים, וואָס וויל געליימט ניט זיין;
ער האַקט און שלאָגט איר שטיין, אַז שטיין זאָל פילן פּיין,
און וועקט פון טויטשלאָף איר מעטאַל מיט פייער.
און דאָס, וואָס ערד איז, לעבט — ניט פון דער העלער הויט:
פאַרשעמט פון אירע קינדער, איז די מאַמע טויט,
נאָר ס׳לעבט די טויטע, ווען מען האַלט זי טייער.

# דער נביא פון דומם

אַ סקולפּטאָר האָט אַ טויטן שטיין געשלאָגן
מיט דלאָט און האַמער: — גיב אַ לאַך, אַ וויין.
און ס׳האָט געלאַכט און ס׳האָט געוויינט דער שטיין,
ווי פרייד און לייד ער וואָלט אין האַרץ געטראָגן.
ס׳האָט זיך געדאַכט, מען הערט אים קייכן, קלאָגן
און אַז ער לאַכט און וויינט פון זיך אַליין
און מאַכט דעם סקולפּטאָר זיך צו פילן קליין:
— וואָס שלאָגסטו, ווען עס איז גענוג צו זאָגן?

דער סקולפּטאָר האָט געזען אַ פענאָמען
און האָט געוויזן אַלע זאָלן זען:
— אָט איז אַ שטיין. קוקט אָן און ווערט נשתומם —
עס לאַכט און וויינט. איך טייטל מיט דער דלאָט:
אין שטיין האָט אויך אַריינגעאָטעמט גאָט.
איך בין דער נביא פון באַזעלטן דומם.

# בלעטערפאַל

מיט זון און טוי, מיט רו און שטורעם זאַט,
צום טויט ווי צו אַ יום־טוב בונט־געקליידטע,
די בלעטער ווי קרבנות אָנגעברייטע
אַליין צום באָדן פאַלן בלאַט נאָך בלאַט.

אויף דר׳ערד פון גאָטס מזבח טוט ניט וויי,
דער כוהן — האַרבסט איז ווי אַ גוטער בעטער,
ווייל טויט און לעבן זיינען פאַר די בלעטער
פון גאָט דעם איינציקן געשטאַלטן צווי.

און זיכער, אַז זיי אייביקן אין גאָט,
זיי פאַלן צו די פיס פון טויט ווי בלומען
צו זיין דאָס מיסט פאַר די, וואָס וועלן קומען,
און זיין דאָס גאָלד פון זייער יונגן זאַט.

זיי שאָרכן אויפן באָדן פון דעם סאָד
און לאָזן האָרכן: — אדושם אחד.

# טויט און פאַרוואַנדלונג

צום טאַקט פון רגעס קלאַפּט אין ברוסט פּאַטעטיש
אַ זייגער, וואָס אָן ווייזערס איז געמאַכט, —
ער שלאָפט ניט קיינמאָל, דו שלאָפסט איין, ער וואַכט
און קלאַפּט, כאָטש וויסן קאָן ער ניט ווי שפּעט איז.
דאָך וויים דאָס האַרץ (די טויטשרעק איז פּראָפעטיש),
אַז ווען ס׳וועט טאָן אַ קלאַפּ: „אַ גוטע נאַכט",
וועט פינקטלעך זיין — ניט זיבן און ניט אַכט,
נאָר צוועלף אַ זייגער, ווי מען זאָגט פּאָעטיש.

ניט שרעק זיך, האַרץ — די וויסנשאַפט באַווייזט,
אַז גאָרניט גייט פאַרלוירן — שטאָף צי גייסט,
נאָר ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ נייער פאָרעם.
וואָס דו וועסט ווערן? — האַרץ, ניט האָב זיך האָלד.
ביי דער נאַטור איז בלאָטע גלייך מיט גאָלד,
און אפשר וועסטו ווערן גאָר אַ וואָרעם.

# קודש און חול

## א

אין חול אויף קודש האָב געדולד צו וואַרטן.
גאָטס דינע שטים רעדט זעלטן און ניט לאַנג,
נאָר הייזעריק פון ריידן איז די שלאַנג,
וואָס צישעט מיט אַ קול — אַ כלומרשט צאַרטן.
זי צויבערט מיט איר בליק דעם איינגעשפּאַרטן
און שטרעקט איר צונג, צענומען ווי אַ צוואַנג
צו איבערשמידן דיין געדולד אויף דראַנג
צו דער גן־עדן־פּרוכט — פון דעם געגאַרטן.

און האָסטו מיט דער נאַרונג זיך געזעטיקט,
וועט גאָט דיך דאַרפן וועקן ווי פאַרשפּעטיקט,
נאָר ס׳וועט דערשרעקן דיך זיין היימיש קול
און, אַ פאַרשעמטער, וועסטו זיך פאַרהוילן —
אין קודש וועסטו זיך דערזען אַ הוילן,
ווייל ניט געגורט ביסטו געווען אין חול.

ב

ניט ראוי אין דיין שאַנד גאָטס וואָרט צו הערן,
פון קדושה אויסגעטאָן, נאָר ניט פון שאַנד,
צווישן גאָט און נחש אויפן ראַנד, —
וואָלסטו געוואָלט אַ שלאַנג אין גאַנצן ווערן.
דער זון אַנטקעגן מיטן פלאַכן שטערן
און מיטן בויך אויף דר׳ערד — אויף זיין באַשטאַנד,
וואָלסטו געגליט דעם תאווהדיקן בראַנד,
דעם זאָמען פון דער טומאה צו פאַרמערן.

נאָר ניט אומזיסט איז בושה דיר געגעבן. —
די שעמעוודיקע שאַנד ניט צו פאַרגרעבן,
האָט גאָט פאַר אָדמען געמאַכט אַ העמד
און אים פאַרשיקט אין וויסט צו האָרעפּאַשען —
מיט שוויס זיין חרפּת־פּנים אָפּצוואַשן
און אויף גאָטס גרוס צו וואַרטן אין דער פרעמד.

# אַ וויכוח

— איך בין אַ קינד, וואָס טרוימט, און אין מיין חלום
איז פעסט דער לופטשלאָס, וואָס איך שטעל זיך פאָר.
איך הענג ניט אין דער לופטן ביי די האָר,
פאַרפלאָנטערט אין די צווייגן ווי אבשלום.
איך בין אַ קינד און וויל ניט זיין קיין גרויסער,
אַ קינדס חלומות זיינען ריין און קלאָר;
אַ בייזער חלום, אָבער, איז די וואָר,
אַ בייזער חלום, וואָס באַדאַרף אַ פּותר.
די וואָר פון מעשים איז אַ שפּין — אַ מאָנסטער
און נעצן פלאָנטערט זי, וואָס דו דערקאָנסט שווער;
ביז דו דערקאָנסט, שוין הענגסטו אויף אַ בוים.
גיב דעמאָלט צו, אַז ס׳איז הבל־הבלים,
און אויף דער תליה פון דעם בייזן חלום
פאַרוויג זיך צו דער רו פון כולו־טרוים. —

— דער מקור פון מיין לעבן איז דער טרוים,
נאָר ס׳איז די טאַט, וואָס מאַכט דעם קוואַל צו שלאָגן.
צום לעבעדיקן וואַסער ווער וועט זאָגן:
— ניט שלאָג, ס׳איז ניט כדאי — צוליב דעם שוים? —
און ניט צוליב די קווייטן בליט דער בוים,
נאָר אַז ער זאָל אויף זיינע אָרעמס טראָגן
די פּירות, וואָס ניט ער וועט זיי פאַרמאָגן,
דאָך קלייבן נחת פון זיין באַר צי פלוים.
וואַקס אויס פון קינדשאַפט, טרוימער תמיד־יונגער,
אויף קעסט ביים לעבן איז דיין דאָרשט און הונגער,
פיל אָן דעם שפּייכלער, ליידיק אים ניט אויס.
ניט חלום בלויז, פאַרוואָר עס — ניט צום שאָדן,
פאַרמער און ניט פאַראייגן גאָטס פּקדון,
ווי זאַמד פון הויפן, רינט דיין רויב אַרויס. —

א

# אַ נסתר

בערג און שטערן אָן אַ סוף,
בערג מיט שפּיצן ווייזן —
דאָס איז נאָר אָן אַדערויף
אויף גאָטס גרויסע מעשים.

רוישן סאָסנעס אין די בערג,
רוישן אין באַרוישטקייט
פון באַשעפערס גרויסע ווערק —
עדות פון זיין גרויסקייט.

מיט הכנעה ביז צום תהום
פאַלן וואַסערפאַלן
און צעברויזט, מיט יעדן שטראָם
רימען גאָט און שאַלן.

אין אַ באַרג־שפּאַלט, ווי צעדריקט,
שפּל פאַר גאָטס גרויסקייט,
אָן איך דעם אין־סוף און שטיק
מיין געפיל פון אויסקייט.

און, געפּלעפט פון ניט־פאַרשטיין,
זאָג איך מיט אַ פליסטער:
— גאָט, ס'איז גוט, וואָס איך בין קליין,
פון דיין אויג אַ נסתר.

גרעסער פון די גרעסטע בערג
איז דיין קלענסטער שטערן.
מיין התפעלות ניט באַמערק, —
דו וועסט קלענער ווערן.

ס'איז צו גרויס דיין אוניווערז
און צו קליין — מיין וועלטל,
זינג איך שעמעוודיק מיין פערז,
ווי אַ גריל אין שפּעלטל.

ב

# מיט ריינע — ליידיקע הענט

צום בורא ניט נענטער גענענט,
ניט העכער צו אים זיך דערהויבן, —
איך נידער פון באַרג אָן אַ גלויבן
מיט ריינע, מיט ליידיקע הענט.

איך ווייז ניט פאַר גאָט מיין געזיכט,
כ'באַהאַלט זיך ווי אין אַ מאַלינע
און רוף ניט די בלענדיקע שכינה
צו ווערן מיין חלב'ן ליכט.

ווער בין איך צו הערן גאָטס שטים ?
איך הער נאָר די שטים פון מיין האַרצן.
גאָטס פנים וועל איך ניט פאַרשוואַרצן,
איך בין ניט קיין אָפּבילד פון אים.

זיין איך איבער מיינע געבאָטן
וועל איך ניט פאַרקריצן אין שטיין.
איך בין אַזוי בישטיק און קליין,
אַ נסתר פון גאָט — אין זיין שאָטן.

ג

# אָדם — אַ מענטש

צו גרויס איז גאָטס וועלט אינעם רוים,
אַ מענטש איז ניט פריי אָן אַ צוים,
ער לויפט פון אין־סוף אין די ווענט
צו פילן די לענג פון די הענט.

גאָטס ליכט פאַרן מענטש איז צו פיל,
ער קוקט דורך אַ טונקעלער בריל,
ווערט טונקל דאָס בלענדיקע ליכט,
צעשטראַלט זיך דעם מענטשנס געזיכט.

און גאָט איז צו ווייט און געהיים,
אַ מענטש דאַרף אַ גאָט אין דער היים,
אַ גאָט, וואָס איז אייגן, אינטים
צו אויסטאָן זיך נאַקעט פאַר אים.

ד

# גרויסער גאָט

גרויסער גאָט פון בערג און תהומען
פון דער ערד און פון די שטערן, —
ניט צו זען דיך, ניט צו הערן,
ניט צו רופן דיךביים נאָמען.

גיס איך עגל׳ס — אויף צעשטויסן,
קריץ איך לוחות — אויף צעברעכן.
כ׳בין צו שוואַך דיך צו פאַרשוועכן
און צו קליין, איך זאָל דיך גרויסן.

ניט קיין דימענט אין דיין כתר,
ניט די קרוין פון דיין יצירה, —
כ׳בין פון פייגעלע ניט בעסער
און פון גריל, וואָס זינגט דיר שירה.

ניט דיין שער־הכבוד בוי איך,
ווען איך שווער צו טאָן און הערן, —
אויף דיין רצון הענגען שטערן
און דערציילן פון דיין כוח.

גאָט, צו גרויסער פאַר מיין שפלות,
איך וועל אייביק אין ניט־וויסן
געצן האַמערן און גיסן
און וועל דינען דיך אין תיפלות.

ח

# אַ שטיפּגאָט

תקיעת־כף זיך געגעבן,
פאַרשניטן אַ בונד — ניט אויף טויט, נאָר אויף לעבן —
און הימל און ערד זיך גענומען פאַר עדות, —
צוזאַמען מיט גאָט האָבן שפּאַצירט מיינע זיידעס,
ווי חסידים בייינאַנד מיטן רבין.

דער פאָטער אין הימל איז טאַטע געווען אויף דער ערד,
אַ טאַטע פון גלויביקע קינדער מיט בערד,
און האָבן ביי זיי זיך פאַרוואָלקנט די אויגן,
האָט ער זיי פאַרשפּילט מיט אַ פאַרביקן בויגן.

און איך — נאָר אַ דרויבעלע שטויב אויף דער ערד,
וואָס איז צווישן שטערן אַ דרויבעלע שטויב, —
ווי קאָן איך זיך איינריידן: „גלויב, —
דער בורא־עולמות פאַרשטערט
זיין שבת, באַדויערט זיין מי,
קערט איבער דעם סדר־העולם, וואָסי?
אַ מענטשעלע ווינט אויף די קני?"
איך לויב אים און וויס, אַז ער דאַרף ניט מיין לויב;
כ׳טו תפילה און וויס, אַז צו מיר איז ער טויב,
נאָר תפילה טאָן מוז איך. —
עס האָט מיך אויף הפקר אַ שטיפּגאָט באַשאַפן.
כ׳וואָלט ווערן אַ מורד, נאָר כ׳האָב ניט קיין וואפן.
מיין צער וויין איך אויס און באַרו זיך.

## אַ קאָראַלן־אינדזל

### א

אין שטורעמדיקן מוטנעם פעלקער־ים,
וואָס האָט פון גיפט זיך אַלץ נאָך ניט געריייניקט,
אַן אינדזל פון קאָראַלן אויסגעשטייניקט
איז די ירושה פון מיין אַלטן שטאַם.
עס זיינען דורות ניט געשטאָרבן סתם,
נאָר מיט די אָבות זיך אין טויט פאַראייניקט,
פאַר אייניקלעך אַן אינדזל אויסגעביייניקט,
אַ דאַמבע קעגן כוואַליענדיקן סם.

ברויז אויס דיין שטורעם, ים, לאָד אויס דיין גאַל,
אַזויפיל גיפט נאָך האָסטו אויסצולאָדן!
איך בין אויף מיין ירושהס פעסטן באָדן
ווי אויף אַ זיכער אינדזל פון קאָראַל.
פאַרפלייץ מיך, ים, אין אָפּגרונט דיינעם טויף,
נאָר ווידער אויף מיין אינדזל טויך איך אויף.

ב

איך טויך אַרויף פון אָפּגרונטיקן סם
און ס׳רינט דער גיפט פון נאָז־און־אויער־לעכער,
נאָר זע — מיין אינדזלס ברעגן זיינען העכער
פון אַלע כוואַליעס אין דעם פעלקער־ים.
נאָך שפּייט די נידעריקע כוואַליע — חם,
דער ווינט קערט אום דעם גאַווער צו דער פרעכער,
און יפת שוימט, ווי אַלע כוואַליעס־ברעכער,
מיט שוים באַפּערלט ער זיין כוואַליעס קאַם.

נאָר ניט קיין כוואַליע און קיין וואַסערזייל,
פאַרשרויפט אין שטורעם־וואָלקן אויף אַ ווייל,
און ניט קיין רעגנבויגנדיקע אַרקע
איז שם. ער איז אַן אינדזל אינעם ים,
אין שטורעם וואַרט ער אויס עד יעבור זעם,
ווייל זיינע ברעגן זיינען נצח־שטאַרקע.

ג

— וואָס רודערן די פעלקער־כוואַליעס? — פרעגסטו,
מיט לויטערקייט באַוואָפנט — נשקו בר, —
דו ווייסט שוין, אינדזל, אַז דאָס איז דערפאַר,
ווייל שטרענגע ברעגן פון פאַרבאָטן שטרעקסטו
און ווי אַ ביין אין האַלדז פון אָפּגרונט שטעקסטו.
עס שטייען אויף די כוואַליעס אין געפאַר,
צוזאַמען מורמלען זיי, ווי איין בונטאַר,
דעם טעם פון זייער אחדות גרינג אַנטדעקסטו.

צוזאַמען מורמלען זיי, זיך האַלטן עצות,
ווי לויז צו ווערן — פערד אָן צוים און לייצעס, —
זיי קאָנען זיין צוזאַמען — ניט אויף גוטס.
דו ווייסט עס, אינדזל, ווי עס ווייסן פאַליעס,
וואָס זיינען צילברעטער פאַרווילדע כוואַליעס, —
דו ווייסט עס און דאָס וויסן איז דיין שוץ.

ד

אין קעסלגרוב, דעם תוהו־דיקן ברויזער,
דאָרט וואו קיין דין און דיין איז ניטאָ,
דער ערשטער צעלטן־זיצער אויפן דנאָ
באַשוואוירן האָט זיין ווילן: „איך בין גוזר —
ווי ים־וואַסער ניט זיי קיין סטיכיש־לויזער,
ווי פיש — קיין צאַפּלער נאָך אַ חיי־שעה,
קיין יעגער — ווי דער שאַרק, די חיה־רעה
און ווי דער שווערדפיש מיט זיין שווערד דער בלויזער.“

און אין אַ שטרענגער דאַמבע זיינע קינדער
האָט צעמענטירט דער בית־קאָראַלן־גרינדער,
געגעבן רו אין סדר, שוץ אין צאַם.
אַז וואויל דיר, זעער, וואָס דו ביסט אַ שטרענגער,
און וואויל דיר, זעאונג, אין אַ ראַם אַן ענגער,
נאָר ווייִ דיר, בילד, וואָס וואַקלט זיך אין ראַם.

## ה

איך בין באַנייט מיט דער התגלות־נייקייט
און כ׳בעט: — זיי מוחל, אינדזל פון מיין שטאַם, —
אין נצח׳ס פעלדז, אַ וואַקלפלאַנץ אין צאַם,
האָב איך באַגערט די כוואַליע פון פאַרבייקייט.
נאָר אָפּגעטובלט אין איר הפקר־פרייקייט,
איז דיין געצאַמטקייט מיר אַזוי געראַם,
און פון דער כוואַליעס גיפט פאַרזוכט דעם טעם,
דיין יורש איז אַ פרייער אין געטרייקייט.

אויף דיר, קאָראַלן־אינדזל פון מיין אַרב,
אַן מורא לעב איך און אַן אימה שטאַרב;
ווען כ׳שטאַרב אַפילו, ווער איך ניט פאַרשניטן —
צו אָבות איינגעזאַמלט — ביין צו ביין,
מיט יורשים — ריף צו ריף, וועל איך באַשטיין,
פון ביידע זייטן וועלן זיי מיך היטן.

# פון וואַנען איז אַ ייד

(סאָנעטן־רינג)

פון וואַנען איז אַ ייד

1

מיין זיידע איז געווען אין פריבאָרסק אַ מאַגנאַט,
זיין נאָמען, וואָס איך טראָג, געווען איז אַ באַרימטער.
צו אים מיט לעסטער פון זיין שנור אַן אָנגעשטימטער,
דערציי̆ל איך וועגן אים אַזאַ טשיקאַווען פּרט:
מיין זיידע איז געווען אַ ציטעריקער בלאַט
פון אַ וואַזאָנע — אין דער וואָרעם אַ צעגרינטער,
וואָטאָווע פלודערן האָט ער געטראָגן ווינטער,
וואָס האָבן דרייצן פונט געוואויגן — אַקוראַט.

איך זע מיין מאַמען ביטער שמייכלען און איך הער:
— די קרעטשמע מיט די הייזער האָט פאַרקויפט דער שווער
(אין איינעם וואוינט איצט פייגל, אינעם צווייטן — זלאַטע).
אַ ספר־תורה האָט דער ליבער שווער געשריבן,
געגעבן צדקה. גאָרנישט איז פאַר אונדז געבליבן.
ער האָט געלאָזט אונדז זיינע פלודערן מיט וואַטע.

2

— ער האָט געלאָזט אונדז זיינע פּלודערן מיט וואַטע, —
אַזוי מיט יאַשטשערקעס די מאַמע האָט געלאַכט:
פון וועגן אונדזער וואוילזיין האָט ער זיך געמאַכט
נאָך ביים וואַטאָוועץ לעבן זיינעם — קילעוואַטע.
אין שטאָט צווישן יידן האָט ער זיך פאַרבראַכט
און אונדז געלאָזט אין דאָרף, אין פויערישער כאַטע
צו הערן ווי די שקצים שרייען „זשיד פּאַרכאַטי"
און ציטערן ביים סדר און אין זייער לאַנגער נאַכט.

אַליין געגעסן פיש און פליישׁ ביים רבינס טיש,
און אונדז אויף שבת האָט געפעלט אַפילו פיש,
פון מלבוש רעדט מען ניט — אַ לאַטע אויף אַ לאַטע. —
דעם טאַטן האָט פאַרדראָסן אויף דער מאַמעס רייד:
— בטחון, גאָט וועט גיבן פיש און פלייש און קלייד. —
אַ ייד אַ בעל־בטחון איז געווען מיין טאַטע.

3

אַ ייד אַ בעל־בטחון איז געווען מיין טאַטע,
געוואונקען האָט צו אים דאָס אויג פון גאָט, וואָס היט:
— ניט פאָרכט, מיין קנעכט, זיי זיכער, אַז כ׳פאַרלאָז דיך ניט,
אַפילו ווען ס׳זעט אויס, דו ביסט פאַרלאָזט לעת־עתה.
מיין טאַטע איז געווען אַ ביסל תמ׳עוואַטע,
צו מסחר ניט געטויגט, כאָטש ער האָט זיך באַמיט
צו גיין אויף אומוועגן מיט זיינע גלייכע טריט
און האַנדלען מיט די הענט, וואָס זיינען ניט קיין בלאַטע.

ער האָט זיך ניט געשעמט צו זיין אַ מוכר־סמאָלע,
נאָר ס׳איז דער סוס געפאַלן אים אין דער עגלה —
בטחון האָט די קליאַטשע ניט געשפייזט צו זאַט.
און צו מלמדות, און חזנות, און צו שופר־בלאָזן,
און צו מיין מאַמעס קאָפּ האָט אַלץ זיך אויסגעלאָזן —
די גאַנצע זאָרג פון הויז די מאַמע האָט געהאַט.

4

די גאַנצע זאָרג פון הויז די מאַמע האָט געהאַט:
פון שפּייזן (איר קאָמפּאָט וואָלט גאָט געמעגט פאַרזוכן) —
פון שפּייזן זיבן מיילער, און פון קליידן, שוכן,
און פון שכר־לימוד צאָלן — פאַר די זין בפרט,
ווען ס׳האָט אין שטאָט געקנעלט איר מאַן, דער גרויסער כוואַט.
און צום פאַרקויף האָט זי געבאַקן בייגל, קוכן,
צו דעם פאַרדינסט פון מאַן געמוזט פּרנסה זוכן,
ווייל ס׳האָט געקלעקט איר ווי אַ מצה אַ סאָלדאַט.

און ווען עס קומט אַהיים דער טאַטע אויף יום־טובים,
דאַרף לענגער זיך די מאַמע פאָרען ביי דעם אויוון
און אויפראַמען דאָס הויז, אַריינברענגען אַ לאַד
אַן אָרט צו מאַכן פאַרן יום־טוב אין דער ענגשאַפט.
אַ נייע זאָרג פאַר איר, אַ שפּאָגל־נייע קרענקשאַפט —
דאָס הויז, מ׳שטיינס געזאָגט, געוועז איז אַ קוואַדראַט.

5

דאָס הויז, מ׳שטיינס געזאָגט, געווען איז אַ קוואַדראַט,
ניט ווייל דער בויער האָט געהאַט אַ חוש פאַר גלייכקייט,
נאָר ווייל אַזוי איז בויען גרינגער קעגן פייכטקייט
און קעלט אַ שוץ, — אַבי דאָס ווייב און קינד באַשטאַט.
אין אָט דעם פיר־עק האָט די מאַמע מיך געהאַט,
אין אָט דער אָרעמקייט האָב איך אַנטדעקט אַ רייכקייט,
ווען כ׳האָב געפויזעט ווי אַ יאַשטשערקע מיט לייכטקייט
און ווען איך האָב געקלעטערט ווי אַן אַקראָבאַט.

די דלות־גריל האָט וואונדערלעך אַזוי געפייפט,
די הון ווי אין אַ טלית איז געווען געשטרייפט
און אירע הינדעלעך פון גאָלד — ווי סאַמעט גלאַטע,
אַזוי דער קאָטער, וואָס האָט זיי געטשאַטעט גיריק.
אָט דאָס און נאָך האָב איך אַנטדעקט אין פראָסטן פיר־עק —
פיר גלייכע גרויע ווענטלעך פון אַן ענגער כאַטע.

6

פיר גלייכע גרויע ווענטלעך פון אַן ענגער כאַטע. —
כ׳האָב אויסגעפונען שפּעטער, אַז ס׳איז נאָך פאַראַן
אַ בוידעם און אַ דאַך, געדעקט האַלב שטרוי, האַלב דראַן,
און איבער אים אַ בוים מיט באַרעלעך פּוזאַטע,
וואָס זיינען אויפן דאַך געפאַלן זיך ווי מן.
פאַר זיי האָט מיט דער יאַרמעלקע אַמאָל דער טאַטע
געשמיסן מיך — מיט שמיצלעך סאַמעטענע, גלאַטע —
פאַר קלייבן זיי פון דאַך אום שבת ווי איוואַן.

כ׳האָב מיט מיין קריכן אויפן דאַך זיך אויסגעפּיינט,
געוואָרפן באַרעלעך אַראָפּ צו מיינע פריינט,
וואָס האָבן זיי געכאַפּט ווי פייגל אין אַ טשאַטע.
איך האָב געמיינט, דער טאַטע נאָכן קוגל רוט
און אַז מען קאָן פון שטוב ניט זען וואָס חברה טוט —
אַ פענצטער אָן אַ שויב פאַרשטעקט איז מיט אַ שמאַטע.

7

אַ פענצטער אָן אַ שויב פאַרשטעקט איז מיט אַ שמאַטע,
פאַרקײַטלט אַלע פענצטער און פאַרהאַקט די טיר —
איך האָב דעם קייך־הוסט און מען ציטערט איבער מיר,
פאַרוויקלט איז מיין האַלדז מיט מארליע און מיט וואַטע.
איך קוק אַרויס אין דרויסן גלייך ווי דורך אַ גראַטע,
די ראָסע אינעם גאָרטן גיט אַ שימעריר,
איך זע די קרויט, די אוגערקעס, נאָר איך פאַרליר
די קוויקנדיקע ריחות פון אוקראָפּ און מיאטע.

אַ פלאַטערל פליט אום דאָרט פראַנק און פריי. און איך?
מען לאָזט מיך ניט אַרויס. זוען כ׳וואָלט געהאַט כאָטש שיך..
איך גיב אַ הוסט, ווי ס׳וואָלט געשאָסן אַ האַרמאַט.
לויפט צו די מאַמע, נעמט באַטאַפּן מיר אַ מאַנדל
און באַלד איז שוין מיין מויל פאַרשטעקט מיט צוקערקאַנדל,
ווי ס׳איז פאַרשטעקט דאָס מויל פון איצלען דעם פיסקליאַט.

8

ווי ס׳איז פאַרשטעקט דאָס מויל פון איצלען דעם פּיסקליאַט
באַדאַרף איך אייך דערציילן, אַז איר אויך זאָלט לאַכן.
ער קאָן ניט ריידן נאָך, נאָר מיט די ליפּן מאַכן —
ס׳הייסט עסן — קאָן ער זייער וואויל, דער קליינער יאַט.
און רק ער וויינט, ווייל ער איז קיינמאָל דיר ניט זאַט;
אַ געמבע האָט ער, ווי עס וואָלט אַ דונער קראַכן.
עס מוז די מאַמע איבערלאָזן אַלע זאַכן,
אים גיבן זויגן, ווען אַפילו זי איז מאַט.

דערזען וואָס פאַר אַ פרעסער איר מעזיניק איז,
פאַרשטעקט די מאַמע שוין דאָס גרויסע מויל פון ריז,
וואָס הענגט אין וויגעלע אַרונטער פון דער בעלקע,
מיט שפּייז צעקייטער אין אַ שמאַטקע. לאַך איך הויך,
נאָר ס׳לאַכט פון מיר מיין שוועסטער, האַלט זיך ביי דעם בויך:
כ׳בין אַ פּיסקליאַט געווען אַליין, — אַזוי זאָגט עלקע.

9

כ'בין אַ פּיסקליאַט געוועזן אַליין — אַזוי זאָגט עלקע —
און מיט אַ שמאַטקע האָט מען אויך מיין מויל פאַרשטעקט,
און כ'האָב געוויינט, ווי נאָר איך האָב זיך אויפגעוועקט.
מיין וויגל איז געהאַנגען פון דער זעלבער בעלקע.
איך האָב געקוקט אַרויף צו איר, מיין קליינער סטעלקע,
ווייל ביי מיין וויגלס ווענט האָט זיך מיין וועלט געענקט.
און איך האָב דעמאָלט, שמייכלט עלקע, ניט געשמעקט,
אַזוי ווי אויפן פעלד אַ בליענדיקע נעלקע.

און זי אַליין פלעגט אָן אַ סיבה וויינען אויך,
ווייל וויינען, זאָגט זי, האָט זיך איר געגלוסט אין בויך,
נאָר זע, זי איז ניט מער קיין זויערע שטשאַוועלקע.
אַזוי וועט איצעלע אויך אויסוואַקסן אַ לייט
און איך בין אַלט פינף יאָר און פון אַ גרויסן ווייט.
זי מיינט, איך זאָל ניט זיין ביי זיך קיין גאַנצע שמעלקע.

10

זי מיינט, איך זאָל ניט זיין ביי זיך קיין גאַנצע שמעלקע,
נאָר ס׳פריידט זי, וואָס עס וואַקסט איר באָרוועסער בראַטאָק
אין מייטקעס מיט אַ שפּאַלט און מיט אַ „זואָרעטשאָק״
(ווען אויפן בוים איך קלעטער נאָך אַ באַרעלע אַ ספּעלקע,
זעט אויס דער עק פון העמד — אַ ווײַדל פון אַ בעלקע).
אָט פירט זי מיך אין חדר אין אַן אָסיען־טאָג
און איבער קאַליוזשעס, געבויגן פון מיין וואָג,
באַראַנצע טראָגט זי מיך, כאָטש ס׳איז דאָס וואַסער מעלקע.

אין חדר פירט מיך עלקע און איז אומצופרידן
פאַרוואָס מען לערנט ניט קיין מיידלעך אויך ביי יידן.
דער מאַנסביל גרייסט זיך מיט זיין וויסן, וואָס ער ווייס,
נאָר וואַרט נאָר, וואַרט, זי וועט נאָך זיין אַ סאַמאָאוטשקע
און וועט ניט זיצן ווי די ראבע הון אין קוטשקע.
נחמה לאַכט: אַ הענדל גרייסט זיך — ניט קיין בייז.

11

נחמה לאַכט: אַ הענדל גרייסט זיך, — ניט קיין בייז.
אַז ער זאָל גרייסן זיך, האָט גאָט אַזוי באַשאַפֿן.
עס דאַרפֿן מיידלעך גאָר ניט נאָכמאַכן ווי אַפֿן
די מאַנסבלען, ציען זיך צו גרייכן זייער גרייס.
סע שאַדט ניט, אַז אַ מיידל קאָן דעם אלף־בית,
נאָר וואָס זשע טוט מען, אַז מיר זיינען ניט קיין גראַפֿן?
סיי ווי איז נאָך דער חתונה אַ ווייבלס וואָפֿן
די קענטעניש פֿון אָפּקאָכן אַ ראָסלפֿלייש.

אַזוי אין האַרצן טראַכט נחמהביים געניי.
איך לייען איצטער איר געדאַנק, ווייל איך פֿאַרשטיי,
כ׳בין דעמאָלט נאָך געווען אַ קליינער בלינדער וואָרעם.
עס נייט נחמה פֿאַר אַ פֿויערטע אַ העמד —
ס׳איז אַלץ נאָך בעסער ווי צו דינען אין דער פֿרעמד.
ביים טיש זיצט יאַנקל מיטן טאַטן איבער ספרים.

12

ביים טיש זיצט יאַנקל מיטן טאַטן איבער ספרים.
ער איז דעם טאַטנס תכשיט און דער מאַמעס קרוין
און פאַר איר האָרעוואַניע דער באַצאָלטער לוין,
דער ענטפער אויף די תפילות אירע און נדרים.
ער איז די שלימות — אינהאַלט אין אַ שיינער פאָרעם,
אַ וואוילער קענער און אַ שיינער — אַ פאַרשוין,
און פידל שפּילט ער אויך, אַ בחור איינמאָל שוין,
אַ זון אַזאַ וואָלט זיך געוואונטשן רייך און אָרעם.

ער זיצט ביים טיש און מאַכט זאַדאַטשעס אַלגעברעאישע
און קוקט אַריין אין ביכער רוסישע, העברעאישע,
און אין דער גמרא איז דער טאַטע עוקר־הרים,
און מיט זיין ניגון זינגט דער הייסער סאַמאָוואַר,
און מיט זיין פייער דורך די לעכלעך גליט דער זשאַר.
די מאַמע קנעט דאָס שוואַרצברויט מיט איר ווייסן אָרעם.

13

די מאַמע קנעט דאָס שוואַרצברויט מיט איר ווייסן אָרעם.
מיין מאַמע איז געווען אַ שיינע — זאָגן לייט.
אַ שיינע פרוי ביי גויים טוט זיך אָן פאַרשייט,
איר שיינקייט שטעלט זי אויס, עס זאָלן זען די זכרים, —
מיין מאַמע האָט פאַרדעקט איר לייב בחדרי־חדרים.
זי האָט די האָר געשערט, קיין אויער ניט באַפרייט.
נאָר סיי ווי סיי האָט זי פאַרוויאַנעט פאַר דער צייט,
ווען ס׳איז געשטאַנען נאָך איר הויכע זון אין דרום.

אַ ליגן איז די שיינקייט ווי אַ פאַלש קאָרעל,
אַן אשת־חיל איז נאָך זעלטענער פון פערל,
נאָר ווי די מאַמע בין איך אויף איר דאָליע בייז,
ווען ביי דער באַקדייזשע זי שטייט מיר פאַר די אויגן
און זינקט אין טייג איר האַנט ביז צו דעם עלנבויגן
און מיט דער פרייער האַנט פון שטערן ווישט דעם שוויס.

14

און מיט דער פרייער האַנט פון שטערן ווישט דעם שווייס
די מאַמע, און די האַנט — אין פאַרטוך דעם פאַרמעלטן,
און ס׳ליגט איר ניט אין זינען נחת׳דיק אַ קוועל טאָן
פון זון אירן, וואָס קאָן, און פון איר מאַן, וואָס ווייס,
ווען ס׳צאַנקט דאָס נאַסע האָלץ, דער אויוון ווערט ניט הייס.
באַק אויס איר ברויט אָן אַ זאַקאַלעץ, האַר פון וועלטן,
און גיב ס׳זאָל זיין מיט וואָס מאַטווייעכען פאַרגעלטן
פאַר באָרגן מעל — אָן דער באַוויליקונג מאַטווייס.

מאַטווייאיכא, דער מאַמעס גוישע פריינדינע,
ווען כ׳בין געקומען פון דער גאָלדענער מדינה
אויף קבר־אָבות — אין אַ זיידענעם קראַוואַט,
האָסטו געפריידט זיך: — „מערלין סין”... אַמעריקאַנעץ...
אַ רייכער ווי זיין „דיד” איז שוין דער „אָבאָדראַנעץ”. —
מיין זיידע איז געווען אין פריבאָרסק אַ מאַגנאַט.

15

מיין זיידע איז געווען אין פריבאָרסק אַ מאַגנאַט,
ער האָט געלאָזט אונדז זיינע פלודערן מיט וואַטע.
אַ ייד אַ בעל־בטחון איז געווען מיין טאַטע,
די גאַנצע זאָרג פון הויז די מאַמע האָט געהאַט.
דאָס הויז, מ׳שטיינס געזאָגט, געווען איז אַ קוואַדראַט —
פיר גלייכע גרויע ווענטלעך פון אַן ענגער כאַטע.
אַ פענצטער אָן אַ שויב פאַרשטעקט איז מיט אַ שמאַטע,
ווי ס׳איז פאַרשטעקט דאָס מויל פון איצלען דעם פיסקליאַט.

כ׳בין אַ פיסקליאַט געווען אַליין — אַזוי זאָגט עלקע.
זי מיינט איך זאָל ניט זיין ביי זיך קיין גאַנצע שמעלקע,
נחמה לאָכט: — אַ הענדל גרייסט זיך, — ניט קיין בייז.
ביים טיש זיצט יאַנקל מיטן טאַטן איבער ספרים,
די מאַמע קנעט דאָס שוואַרצברויט מיט איר ווייסן אָרעם
און מיט דער פרייער האַנט פון שטערן ווישט דעם שווייס.



# שטאַרק מיך, טאַטע

טאַטע, פריד צו דיר אויף יענער־וועלט —
פאַר די פרידלעכע איז דער גן־עדן —
שטאַרק מיך מיט בטחון, וואָס מיר פעלט.
דיין בטחון איז גענוג פאַרביידן.

ביסט אויף דער־וועלט דעם גן־עדן־גאַנג
גלייך געגאַנגען צו דער פולער דבקות.
איך גיי קרום — איך דריי זיך ווי אַ שלאַנג —
צו דעם בוים פון וויסן און פון ספקות.

ביטער אָבער איז די פרוכט אין מויל. —
טאַטע, וויסן איז דעם טויטס כלי־זיין.
און דיין זון איז, מיט זיין וויסן, הויל,
ניט פאַרפאַנצערט קעגן שטיין פון קין.

שטאַרק איז קין מיט פאַרגיסן בלוט,
נאָר קיין לעבן קאָן דיין זון ניט רויבן.
פון דיין שטאַם אַ צווייגל, ניט קיין רוט,
בין איך, טאַטע, — שטאַרק מיך מיט דיין גלויבן —

אַז דער ייד, וואָס לעבט ניט פון דער שווערד,
איז פון שלויען וויסן דער פאַרניינער —
מיט זיין בלוט, וואָס שרייט אַלץ פון דער ערד
און וואָס שרייבט „לא־תרצח“ אויף די שטיינער.

# זיי מיר מוחל, מאַמע

ווייגעשריגן, מאַמע, האָסטו זיך געריכט,
אַז עס זאָל זיך אָפּזאָגן דיין זאָמען
אָפּצוהיטן קדיש, צינדן יאָרצייט־ליכט
און צו מזכיר־זיין פאַר גאָט דיין נאָמען?

מאַמע, איך דערמאָן דיך, הייליק דיר אַ ליד —
ס'איז מיין יזכור, יאָרצייט־ליכט און קדיש.
זיי מיר מוחל, כ'בין אַ „פרייער, נייער ייד".
פרעג ניט, מאַמע, וואָס איך בין מחדש.

ניט מחדש בין איך, גאָרניט גיב איך צו,
כ'נעם אַראָפּ נאָך פון געאַרבטן אוצר, —
מורד בין איך אין דעם אַלטן גאָט ברוך־הוא,
נאָר צו וועמען רוף איך מן־המצר?

און דאָס מאַמע־לשון, וואָס כ'האָב מיט דיין מילך
איינגעזויגן און ניט אויסגעשפּיגן,
איז פאַר דיינע אייניקלעך אַ טויבער הילך —
אָן דיין טייטש־חומש און תחינה־ניגון.

כ'בין אַ יורש פון אַן אַלט און הייליק הויז,
שטויב איך אָפּ און רייניק מיין ירושה,
אָבער מיטן שטויב אינאיינעם פליט אַרויס
פון מיין אַלט און הייליק הויז — די קדושה.

# איך זע

איך בין ניט קיין בלינדער — איך זע
דעם געטלעכן וואונדער,
דעם פלאַמיקן סנה.
נאָר צי איך אַרונטער
די שיך פון די פיס,
טוט באַלד מיך אַ ביס
אין באָרוועסן טראָט
אַן עקדיש פון גאָט.

איך בין ניט קיין בלינדער — איך זע
די פלאַמען פון אויטאָ־דע־פע
און כ׳האָב ניט פאַרזען
מיט וואָס פאַר אַ ווילן,
מיט וואָס פאַר אַ ברען,
אַזוי ווי אין פייער מאָטילן,
די גלויביקע גייען
מיט „שמע״־אויסגעשרייען
אויף קידוש־השם.

איך בין ניט קיין בלינדער — איך זע,
נאָר בלינד איז דער גלויבן.
עס פירט דעם פאַרגלויבטן אַ בת־קול פון אויבן —
גאָט רעדט ניט מיט אים פה־אל־פה,
דער פאָטער אין הימל פאַרשטויסט — ניט געגנעז.
דער בת־קול באַפעלט: — זיי מיר מקריב דיין קינד
און פרעג ניט פאַרוואָס און פאַרוועז.
און ס׳פאָלגט דער פאַרגלויבטער בטחונדיק־בלינד —
אַ טאַטע אַ טאַטן
וועט דאָך ניט פאַרראַטן.

נאָר איך בין ניט בלינד, — ווי, איך זע
דאָס פייער, דאָס האָלץ און די שה.
דאָס לעמעלע ווײנט פאַרן טאַטן פון טאַטעס:
— פאַרוואָס איז דער תמים אַ קרבן פון חטאת?
און איך, אַן אַנטרונענער פון דער עקדה,
ווי יצחק מיין זיידע
(נאָר גאָט האָט פאַר מיר ניט גענומען קיין ווידער,
גענומען האָט ער מיינע שוועסטער און ברידער) —
איך אויך ווי דאָס לעמל האָב טענות צו גאָט:
— פאַרוואָס איז דיין שם זיך מקדש
אין בלוט פון די הייליקע סטאַדעס?
פאַרוואָס בייסט אין טראָט
דיין שליח, דער עקדיש,
ווען איך צי אַרונטער
די שיך פאַר דיין וואונדער
און צווייפל נישט, פרעג נישט?

# אין דיינע בלוטן

איך האָב געשריגן מיט דיין קול דעם טויבן,
האָסטו, מיין פאָלק, דיין קול דערקענט
און צו די הימלען האָסטו מיך געהויבן
אויף דיינע ליידן ווי אויף הענט.

איך האָב די פעדער אין דיין וואונד געטונקען,
געשריבן רויט אויף שוואַרצן קרעפּ.
דו האָסט אין דיינע בלוטן זיך געטרונקען
און איך אין דיינע בלוטן לעב.

# געשטאָרבן, באַגראָבן

געשטאָרבן, באַגראָבן, באַהאַלטן.
ווי לאַנג איז אַ טויטן צו האַלטן?
צו לאַנג האַלט די ערד אים ניט אויך —
נאָר ביז עס פאַרדייעט איר בויך.

און ווער ס׳האָט די האָר זיך געריסן,
ער טונקט שוין אין אַש ניט זיין ביסן,
און ס׳גייט דער געבויגענער גלייך —
אַ שטיין האָט צעבראָכן אַ טייך.

אַ טייך ווי אַ מענטש איז ניט ברעכלעך,
אַזוי זעט עס אויס אויבערפלעכלעך,
נאָר אויף דעם פאַרהוילענעם גרונט
דער שטיין איז אַ קויל אין אַ וואונד.

# אויף קבר־אבות

נאָך שבעה און שלושים, נאָך יאָרצייט שוין אויך —
דערציילט מיר דער שטיינערנער טאָוול.
אָ וועמען דערציילט ער! איך וויין שוין ניט הויך,
כאָטש כ׳בין נאָך דער זעלביקער אָבל.

אַז ווער זאָל מיך טרייסטן? — די בלוטיקע שווערד?
די ערד, וואָס דאָס בלוט האָט געזויפן?
צי אפשר דער הימל, וואָס איבער דער ערד,
וואָס זעט אַלץ און לאַכט אין די הויפן?

דאָך ווער זאָגט מיר אונטער: אַליין בין איך ניט,
ווען איך בין דער איינזאַמסטער ווײנער?
ווער אָטעמט אַריין מיר אַ לעבנס געמיט,
ווען כ׳שטיי ביי די טרוקענע ביינער?

ווער שטאַרקט מיינע קני? — אָט דער ביין פון מיין בײן,
וואָס וויס שוין ניט מער פון קיין וואַקל?
זאָל זיין, אַז דער מת איז מנחם אַליין
דעם אָבל — אין לעצטן סך־הכל?

# דער אָבל

ווײנט דער אָבל אויפֿן דיל
אויפֿן קול און אין דער שטיל
און דאָס טרייסט־וואָרט איז אַ קנײפּ
אין אַ וואונדיקן בראַנדיק לייב.

ווײנט דער אָבל און ווערט שוואַך.
מיד פֿון ווייגען אויף דער וואַך,
שלאָפֿט ער איין און ווײנט אין שלאָף,
שווידערט ווי אין גרויל אַ שאָף.

אים צו חלום קומט די וואָר,
אַז עס שטעלן זיך די האָר, —
שטעקט אַ פֿייל אין ברוסט ביי אים,
און ער שרייט מיט ניט זיין שטים.

שטעקט אַ פֿייל, איז גאָט באַשיץ
שטעכט זי מיטן קרומען שפּיץ,
אָבער, אַז מען שלעפֿט זי נאָך,
איז דער שלעפּ אַ נייער שטאָך.

און מען שלעפּט, און ווער עס וויל.
האָט דער אָבל דאָס געפֿיל,
אַז מען רייסט אַרויס זיין האַרץ,
אַז די זון ווערט פּלוצים שוואַרץ.

שלעפֿן הענט און ווערן מיד,
נאָר די פֿייל ווי צוגעשמידט,
אַ פֿאַרהוקטע, זיצט אין וואונד,
ווי אַן אַנקער אויפֿן גרונט.

זאָגט דער אָבל: — איצט איז גוט,
איך וועל שטאַרבן אין מיין בלוט.
באַלד אין פרידן קום איך אָן
צו מיין שטילן בר־מנן.

ווי ער זאָגט עס, — פון זיין הויך
לעשט זיך, צאַנקט אַ ליכט אין רויך
און דער מת — אָט רויך, אָט ליכט —
שטייט און שטראָפט אים אומגעריכט:

— אויב דו ביסט מיין יורש, — אַרב!
ווילסטו מיך ניט אַרבן, — שטאַרב!
מיין נשמה־ליכט וועט אויך
אויסגיין מיט דיין לעצטן הויך.

און ער טוט די פייל אַ שלעפּ:
— אין די בלוטן דיינע לעב.
זע, די פייל איז שוין אַרויס.
אַרב מיך, לעב, ניט לעש מיך אויס.

און דער אָבל כאַפּט זיך אויף,
און ער ציט די שיך אַרויף,
און ער טרייסט זיך: — טרינק און עס —
לעבט דער אָבל, לעבט דער מת.

# אין זכות פון די קדושים

אַ דריטל פון פאָלק איז אַוועק מיטן רויך.
מיר האָבן געקויפט פאַר אַ פרייז, וואָס איז הויך,
אַ לאַנד, וואָס זיין מילך און זיין האָניק פאַרזיסט
דאָס בלוט, וואָס איז ביטער, ווייל ס׳גיסט זיך אומזיסט.

מען זאָגט: ניט אומזיסט איז געפלאָסן דאָס בלוט —
דאָס האָט זיך גאָטס פינגער פאַרשטעלט פאַר אַ רוט,
איין דריטל דערשלאָגן, צוויי דריטל דערלייזט...
אַ פאָרכטיקער פינגער! אַ גרויזאַמע טרייסט!

און דאָך האָט אונדז גאָט מיט אַ נס איבערראַשט —
דאָס דריטל פון פאָלק ניט אומזיסט איז צעאַשט —
דער אַש איז געוואָרן פאַרוואַנדלט אין ערד,
דער בראַנד האָט געשמידט פאַר קנאים אַ שווערד.

געפעסטיקט די ערד האָט פון גלויבער דער שטויב
און, אַז אין איר שפּאַלט פון דעם פעלדז זאָל די טויב
ניט זיין צווישן אָדלער און שלאַנג אין אַ קלעם,
די שווערד איז געשטאָלט מיט על־קידוש־השם.

אַ לאַנד פון ישראל מיט דער יידישער פאָן,
פאַרגעס ניט דעם אָנדענק פון זעקס מיליאָן,
געדענק, אַז דיך האָבן די מתים דערלייזט
און האָבן מיט דיר די אבלים געטרייסט.

# גאָט פון אברהם

אָ גאָט פון אברהם, ווען דו האָסט זיין זאָמען
צעשטויבט — שטאָט ווי זאַמד אויפן ים־ברעג צו מערן,
האָב איך אין פאַרצווייפלונג געלעסטערט דיין נאָמען,
נאָר ניט איבער דעם גיס איך שולדיקע טרערן
אויף באַקן פאַרשעמטע, אָ גאָט פון אברהם.

ווען איצטער דו זאַמלסט דאָס רעשט פון זיין זאָמען
און ס׳לאַנד אויף דיין בונד מיט אברהם זאָגט עדות,
מיר פלאַמען די באַקן, ווי גיפטיקע שוואָמען, —
ניט אָפּגעהיט האָב איך אין צייַט פון עקדות
אברהמס בטחון, אָ גאָט פון אברהם.

נאָר דו האָסט דיין צאָרן מיט חסד פאַרענטפערט,
דיין בונד מיט אברהם באַנייט מיט זיין זאָמען.
געווען בין איך אָפּגעפרעמדט, האָסטו דערנענטערט,
איך האָב דיך געלעסטערט, איצט לויב איך דיין נאָמען:
— אָ גאָט פון אברהם, אָ גאָט פון אברהם.

# באַרוישט

וועןן ס׳איז פאַרגלויבט צו מזרח מיטן פּנים
דער ייד געשטאַנען, האָט מען אויסגעלאַכט אים,
זיין גלויבן אָבער האָט אַהין געבראַכט אים
און האָט געמאַכט די קלוגע פאַר נאַראָנים.

ישראלס זון, וואָס איז געווען פאַרלאָשן,
האָט ווידער זיך אין מזרח אָנגעצונדן.
פאַרטוכטע אויגן זיינען אָפּגעבונדן,
נאָר אָפּגענומען האָט דער נס דאָס לשון.

איך האָב דעם נס נאָך ניט גענוג פאַרשטאַנען
צו קאָנען אויסזינגען דאָס ליד פון לידער,
נאָר מיט צעזייטע און דערפרייטע ברידער
צוזאַמען טאַנץ איך, שיכור בלויז פון אַנען.

אויף פרעמדער ערד נאָך טאַנץ איך קאַראַהאָדן,
נאָר דו, ישראל, טאַנצסט שוין אויף דיין באָדן.

# צו דעם קינדערלאַנד פון חומש

צו דעם קינדערלאַנד פון חומש,
ווידער צו די חומש־יאָרן
פאָרן יידן אויף די שיפן:
„אַלטע בענקשאַפט“ און „זכרון“.

פאָרן זיי צוריק אין היימלאַנד,
אין תנ״כישער מדינה, —
צו דעם לאַנד דעם צוגעזאָגטן
לאַנג, נאָך צו אברהם אָבינו, —

דאָרט צו פּאַשען שאָף ווי יעקב
אויף די לאָנקעס, וואָס זיי אַרבן,
און אין צייט פון שניט צו בינדן —
ניט אין חלום — יוספס גאַרבן.

און צו אָנטרינקען דעם מדבר —
יידן ווייסן, אַז זיי קאָנען, —
ווי פון שטיין ס׳ציט משה וואַסער,
דאַרפן זיי זיך נאָר דערמאָנען.

חומש־יידן קאָנען אַלץ טאָן,
וואָס אין חומש שטייט געשריבן, —
פון די מעשיות זיינען מעשים
און דערפאַרונגען געבליבן.

ווען מען דאַרפן, וועלן יידן
אויך זיך שלאָגן ווי די אומות
צו באַשיצן פון די פּלשתים
זייער קינעדרלאַנד פון חומש.

# לאַנד פונעם חומש

אָ לאַנד פונעם חומש, דו מוטערלאַנד מיינע,
כאָטש כ׳בין אַ געבירטיקער גאָר פון אוקריינע,
נאָר איך האָב דיין מילך און דיין האָניק געזויגן.
מיין ערשטער פאַרגאַף פון די קינדישע אויגן
געווען איז אויף דיר — אויפן שטויב פון דיין באָדן,
וואָס האָט זיך אין טוי פון גאָטס משל געבאָדן.
און איך האָב באַקוקט דיינע אַלע פיר זייטן,
אַזוי ווי אברהם אָבינו פאַרצייטן,
און ס׳האָט מיר אין קינדישן אויער געקלונגען
גאָטס בשורה, וואָס האָט אין דער שטילקייט געזונגען:
— דיין זאָמען, אברהם, ווי שטויב וועל איך מערן,
דאָס דאָזיקע לאַנד וועט דיין זאָמען געהערן. —
און איך בין ווי ער גר־ותושב געוואָרן,
אין הייל פון מכפלה באַערדיקט זיין שרהן,
געפירט אין נסיון זיין זון קיין מוריה
און, ווען עס האָט יצחק פאַרלוירן די ראיה,
כ׳בין דעמאָלט מיט רבקהן געווען זיינע אויגן —
עס זאָל אים ניט אָרבן דער זון מיטן בויגן.
נאָר יענער, וואָס פאַשעט די כשרע לעמער
און זיצט אין די פרומע געצעלטן די שמ׳ער,
פאַרקויפט ניט פאַר לינדזן די בכורה ווי עשו.
און איך האָב באַגלייט אין זיין גלות דעם תושב,
געשלאָפן אויף שטיינער, די ביינער צעבראָכן,
נאָר איך האָב געזען אויף אַ לייטער מלאכים.
אָ לאַנד פונעם חומש, דו מוטערלאַנד מיינע,
כאָטש כ׳בין אַ געבירטיקער גאָר פון אוקריינע,
נאָר זי איז מיין שטיפמוטער, דו ביסט מיין מאַמע, —
מיט יעקבן בין איך פון לבן־הארמי
שוין איינמאָל געגאַנגען אַהיים, און אַצינדער
אַליין וועל איך טרעפן, אַפילו אַ בלינדער.

## א

# די צוויי־פּנימדיקע ערד

די דזשאַנגל־ערד איז צוויי־געזיכטיק:
איין פּנים אָפן, כאָטש ניט ליכטיק,
נאָר צו דער זון געריכט;
דאָס צווייטע פּנים איז פאַרמאַכט,
באַהאַלט זיך פון די שטערן אין דער נאַכט.

דאָס אָפענע געזיכט
פון דער בראשיתדיקער ערד
באַוואָקסן איז געדיכט,
געראָטן אין דעם לייב מיט באַקנבערד,
דעם זאַטן לייב, וואָס וועט ניט טייטן:
קיין זעברא, דאָס געשטרייפטע פערד;
קיין הירשעלע באַשפּרינקלט ווי מיט קווייטן,
וואָס זיינע עלטערן באַגלייטן,
און קיין באַבון פון צווישן זיינע ברידער,
וואָס האָט פון בוים אַראָפּגעגנידערט
צו אָפּקילן ביים קוואַל דעם הייסן גומען.
דער לייב, אַ זאַטער, שוויגט,
נאָר זאָל ער זיך צעברומען —
און מיטן מויל פון דעם באַבון, וואָס שטייגט
אַרויף דעם בוים צוריק,
וועט אין איין אויגנבליק
אין אָקאָרשט־שטילן וואַלד
די טויטשרעק שרייען גוואַלד
און טראַמפּלען מיט די פיס פון הירש און פערד
דעם פרידן אויף דער ערד.

פון דעסטוועגן אַפילו
אין שטילשטאַנד פון דער שלאַכט
קאָן איך, אַ בן־גאָרילע, —
אַ זון פון דער גאָרילע, וועמעס טראַכט
האָט אויסעגטראָגן אַ ישעיה, —
איך קאָן אין וואָפן־שטילשטאַנד האָפן
אויף פולן פרידן אין דעם סוף פון טעג,
ווען אויסטאָן אירע נעגל וועט די חיה,
ווי וואַרפן וועט זיין וואָפן
דער מענטש, וואָס וויזט דעם וועג.

נאָר אויף דער ערדס געזיכט,
וואָס איז פאַרהוילן,
איז פינצטער מירביים שייטערס ליכט
און קאַלט איז ביי די הייסע קוילן,
פון וואַנען ס׳איז די חיה אָפּגעטראָטן
און זוכט קרבנות אַנדערע אין שאָטן.
איז דאָס געגוג צו קאָנען רואיק שלאָפן?
זיך טרוימען ווייטער,
ווען ס׳ברענען אויפן שייטער
מיין גלויבן און מיין האָפן?
איך וואַך און האָרך
דעם דינסטן קלאַנג,
דעם מינדסטן שאָרך —
אָט שלייכט זיך דער רוצח ווי אַ שלאַנג,
אָט פויקן הערצער ווי טאָם־טאָמען
(ניט יעדער הערט ווי ס׳קלאַפּט אַ האַרץ פאַרקלעמט,
נאָר ווער ס׳פילט־מיט, — פאַרנעמט),
אָט־אָט און בלוט וועט שטראָמען;

## אין דזשאַנגל

און ווען די גרויל
שרייט פֿאַרן טויט באַנומען,
איז ווי דאָס וואָלט געקומען
פֿון מיין צעקרימטן מויל.

בלויז אין פּרימאָרגן־בראַנד,
ווען כ׳זע אויף דער צוויי־פּנימדיקער ערד
אַ גלי אַ רויטן, ווי פֿון שאַנד,
און טראָפּנס טוי, ווי אויסגעטרערט,
מיר דאַכט זיך דעמאָלט אויס, עס איז אַזוי —
דער גלי איז שאַנד און טרערן איז דער טוי.
עס איז נאָך ניט דער סוף פֿון אַלע סופֿן. —
און כ׳ווער אַנטשלאָפֿן.

ב

# אויגן און שטערן

אין דזשאַנגל גליִען אויגן — פּעך און שוועבל,
נאָר גאָט פון הימל ווינקט מיט מילדע שטערן:
אַזוי וועט מילד אַמאָל די ערד נאָך ווערן.
איך נעם אַרויס פון טאָרבע ברויט אַ לעבל,
צעברעך דאָס ברויט אויף העלפט, דערנאָך אַן עפּל
און כ׳שליס אַ בונד — אויף אייביק צו געווערן —
מיט גאָט, וואָס וועט אַמאָל דער ערד באַשערן
דעם פריד פון מילכיק־ווייסן שטערן־נעפּל.

און כ׳צינד אַ שייטער אָן פון סאָסנע־צווייגן.
די פלאַמען שפּרינגען און די פונקען שטייגן:
שטייגט, פונקען, הויך און לאָזט די שטערן גריסן.
די חיות גליִען נאָך מיט שוועבל־אויגן.
מיין פייער שרעקט זיי מער ווי פייל און בויגן.
אַמאָל וועט זיי שוין שרעקן דער געוויסן.

ג

# מעטעאָרן

פון קומענדיקן פרידן זייַנען שטערן וואונקען,
צום קומענדיקן פרידן בין איך שוין זיך מכין,
נאָר ס׳פאַלט אַ מעטעאָר, בליצט אויס אַן אויסשריי־צייכן
און, ווי אַ ליכט אין שאַכטגאַז, אויסגיין איז געצוואונגען
אין אויסהויך פון דער ערד, וואָס איז פון בלוט באַטרונקען.
איך רייס די האָר, וואָס שטייען, ברעך די הענט, וואָס בלייכן:
פאַרצערן ניט אַזוי די שטערן אין די הייכן
די מעטעאָרן, וואָס זיי לעשן אויס ווי פונקען?

איך צווייפל, גאָט, אין פרידן אויך פון דיינע שטערן.
אַ צייכן גיב מיר אויף דער ערד פון בלוט און טרערן,
אַז פרידן איז דער ציל פון אַלע דיינע צילן.
אַ דינעם קול פאַרנעמט מיין פרידלעך האַרץ, וואָס בלוטיקט,
און יעדער אָדער ווידערט — איז אַ קול, וואָס מוטיקט:
— דו ביסט אַליין דער צייכן פון מיין גוטן ווילן.

ד

# דער צייכן

איך בין דער צייכן פון זיין גוטן ווילן,
מיין פרידלעך האַרץ איז פון זיין גנאָד אַ שטריך,
כאָטש ניט אַליין אין יאָמערטאָל האָב איך
פאַרנומען מיין באַשעפערס קול דעם שטילן
(פאַר בלוט פאַרגאָסענעם אַן אימה פילן
אַפילו שטומע חושימדיקע פיך),
נאָר איך מיט זיבן־מיילנדיקע שיך
שפרייז קעגן גאָט זיין ענדציל צו דערפילן.

איך גלויב אין גנאָד פון גאָט, ווייל כ׳גלויב אין זיך —
איך בין געקומען פון אַ מאַלפּעס דיך
און דורכגעציקלט ביז אַ גאָט אַ האַלבן
(כ׳בין שיער פון גאָט ניט מינער). הימלען הערט:
דאָס מלכות־השמים אויף דער ערד
וועל איך נאָך ברענגען און מיין בורא זאַלבן.

ה

# גאָט אַנטקעגן

איך וועל מיין בורא זאַלבן אויף דער דזשאַנגל־ערד,
דאָס מלכות־השמים וועט שוין דאָ זיין דעמאָלט —
גאָטס וויסן וועט גערעאָטן פּרוכפּערדיק־צעשוועמלט
נאָך אַלע רעגנס בלוט דורך נעגל, ציין און שווערד.
דערנערט מיט גראָז, דער טיגער, ווי דאָס זעברא־פערד,
ניט שוועבלען וועט קיין אויג, פון נאַכטרויב אויפגעפלעמלט.
דער לייב אין פריד, ניט נאַר, ווען ער איז זאַט און דרעמלט,
וועט לאָזן קינדער צופּן זיינע באַקנבערד.

איך וועל אַ וועג אין מדבר פאַר מיין בורא ראַמען
און וועל אים גיין אַנטקעגן, ווען ער וועט זיך זאַמען —
מתקן זיין די פּגמ׳ען אין דער קרעאַטור.
איך פלי שוין גאָט אַנטקעגן מיט אַטאָמען־כוח
און וואונדער וועט מיין האַרץ נאָך אויפטאָן ווי דער מוח —
כ׳וועל אָנשטעקן מיט גוטס דאָס שלעכטס אין דער נאַטור.



## תפילות פון קליינע ברואימס וועגן:

### א

## פון אַ פישלס וועגן

העלף די הילפלאָזע, וואָס גלויבן,
בורא, זיי ניט קיין אַנטוישער.
ביסטו פון דיין קנעכט דער ערגער? —
איך בין זייער מליץ־יושר.

ס׳פּאָרכט אַ פישעלע אין וואַסער,
בענטש דעם שאָטן פון הושענא
היט זיין נפש, גאָט פון רחמים,
ווי עס היט די מצוות דיינע.

ס׳דאַוונט שטום, די ליפּן שאָקלט
און די פרומע אויגן גלאָצן.
ביסטו, גאָט, קול־דממה־דקה,
טוט דאָס פישעלע דיין רצון.

ביסטו שטורעם, שוימט עס בלעזלעד
אין זיין אַנגסט ממעמקים.
היט עס, גאָט, פון העכט און מעווע
און פון מענטשנס נעץ און האקן.

ב

# פון אַ לעמלס וועגן

גאָט, דאָס לעמל איז דיין חסיד.
זע, ס׳איז פּאה׳לעך אין גאַנצן.
אין זיין חסידישער התלהבות
אויף דער לאָנקע זע עס טאַנצן.

ניט מיט עצבות, נאָר מיט שמחה
דינען דיך די אמת־פרומע.
ס׳קאָן דאָס לעמעלע בלויז מעקען,
אָבער דו פאַרשטייסט די שטומע.

ניט קיין למדן, אָבער ערלעך —
ס׳ווייס בחוש, אַז בלוט איז טרפות,
עסט עס גראָז, פאַרטרינקט מיט וואַסער,
זיך געזעטיקט און וואָס דאַרף עס ?

— בלויז די פולע פרייד פון דבקות,
ניט די אַנגסטן — די מחיצות.
היט עס, גאָט, פון חיהס נעגל
און פון שוחטס חלף שיץ עס.

ג

# פון אַ נאַכטיגאַלס וועגן

האָרך דיין נאַכטיגאַל, באַשעפער,
שירה זינגט ער צו דיין כבוד.
היט אים פון דער סאָוועס שנאָבל,
ווי פון שאולס שפּיז — דיין דוד.

צו דיין סדר, וואָס אין מילכוועג,
צו דיין פריד אין שטערן־נעפּל
זינגט ער שירה, און די סאָווע
ברענט מיט אויגן — פּעך און שוועבל,

און זיין לעבן מיט דיין אָטעם,
דיין מתנה וויל זי רויבן,
און דיין קול פון דממה־דקה
הפקר מיט איר גרילץ פאַרטויבן.

שלאָף ניט, גאָט, ווי איך שלאָף אויך ניט
מיטן אומרעכט אין געוויסן,
ווי איך וואָלט אַליין געוועזן
איינער פון די נאַכט־משחיתים.



# מאָטילן

וואו אַ לעמפּל,
דאָרט אַ טעמפּל
פֿאַר די מאָטעלעך די פֿרומע,
די מתפּללים די שטומע.

שטום, בלחש דאַווענען מאָטן —
די געבוירענע אין שאָטן —
אַרום ליכטיקער געהיימניס,
אַרום סודותפֿולער שלימות.

אין געווימל, אין געשוויבל,
ווי חסידים אין אַ שטיבל,
טאַנצן מאָטן קאַראַהאָדן
אַרום פֿייער אויסצובאָדן, —
אויסצובאָדן, אָנצווזויגן
די פֿאַרהויכטע בלינדע אויגן
מיט דעם ליכט פֿון זיו־השכינה.

טרינקען מאָטן — פֿייער־דינער
פֿון דעם ליכט־קוואַל, וואָס איז געטלעך,
טרינקען דאָרשטיק, אומדערזעטלעך,
להבדיל לעכערדיקע לייקעס,
און אין דאָרשט נאָך פֿולער דביקות
מיט דער געטלעכקייט, דעם צענטער,
אַרום פֿייער נענטער, נענטער
טאַנצן מאָטעלעך פֿאַרחושטע
און זיי שטאַרבן גאָט־געקושטע.

# אין שטאַל

ס׳איז הייס. איך נעכטיק אויפן הייבוידעם אין שטאַל.
די קילע רעדנע איז מיין ליילעך און מיין ציך.
מיין זון־פאַרשיכורט בלוט ווערט ניט אַנטשלאָפן גיך —
אין נאָך־טעם ערשט באַרוישט מיך יעדער שטראַל
באַזונדער, און צוזאַמען — ווי אַ וואַסערפאַל.
דאָס טשאמקען פון דער קו שטערט אויך מיין שלאָף, נאָר איך
בין טאָלעראַנט און שליידער ניט אויף איר די שיך,
כאָטש ס׳דענערווירט איר גרילצנדיקער פאַסטאָראַל.

נאָר פלוצים דורך אַ שפּאַרע גיט אַ וואָרף אַ שיין
אויף דער בהמה די לבנה, און איך גאַף —
פאַרחושט, פאַרזשמורעט, אין זיך קוקט די קו אַריין
און וואָס זי האָט געגעסן אין געאייל, אויף טראַף,
דאָס קייט זי איבער, פילט ערשט איצט דעם טעם דערפון,
ווי איך ביינאַכט ערשט מאַך אַ ברכה אויף דער זון.

# צו אַ שוואַרצן טיגער

די נאַכט האָט דיך געצערטלט און געמאַמעט,
אַ שד פון גהינום האָט דיך אויפגעצויגן, —
דערפאַר דיין שוואַרצע ווייכע פעל ווי סאַמעט
און דיינע העליש־פייערדיקע אויגן.
אָ פראַכט, מיין קאָפּ, וואָס איז פאַר דיר געבויגן,
קיין זכות אויף בלוטדאָרשט איז נאָך ניט מלמד, —
דו שטשירעסט אויס די ציין, וואָלסט אויסגעצויגן
מיין האַרץ, ווען ס׳וואָלט די שטייג דיך ניט געהאַמעט —

און דיינע טמא ציינער בלאַנקען זויבער
און ס׳לייכטן דיינע אויגן פון אַ רויבער,
ווי גלימער־שטיינער, איינגעפּאַסט אין שוואַרצן.
איך שטיי פאַר דיר, בייזוואונדער, אַ פאַרגאַפטער
און כ׳טענה, פרעג ביי גאָט: פאַרוואָס באַשאַפט ער
אַ שיינע שטאַלט מיט רשעות אין איר האַרצן?

# אַ שוואַן

ווינטלט אומרו אין טומאַן,
שווימט אַ שטילער ווייסער שוואַן, —
שלאַנקער האַלדז — אַ פראַגע־צייכן:
— אומרו, וואָס ווילסטו דערגרייכן?
— בלאָזן שטורעם? בלעזלען שוים?
אָבער ס׳ווייסן שוין די שוואַנען
ווי דעם שטורעם איינצושפּאַנען
אָן אַ בייטש און אָן אַ צוים.

און, ווי זעגלען אין טומאַן,
קעגן גרויען ווינט און פייכטן,
שטעלט די פליגלען אָן דער שוואַן
מיט די פעדערן, וואָס לייכטן.
און דער תוהו׳דיקער ווינט
פירט אים אונטער זיינע פאַכוועס
אויף דער כוואַליעדיקער רחבות,
ווי אַ פאָטער פירט אַ קינד.

# אַ פלאַטערל

די זון גייט אָפּ מיט בלוט
און שרייט מיט אַלע פאַרבן.
אַ פלאַטערל באַרוט
זוכט אויס אַן אָרט צו שטאַרבן.

דער קרייז פון שאָטנס ווערט
אַרום דעם גוסס ענגער,
זיין טאָג האָט ניט געווערט,
די נאַכט וועט ציען לענגער.

און גיט דער טויט אַ רוף,
באַלד ציט ער אויס די פליגל.
דער ווערימדיקער גוף
פאַררונדיקט האָט זיין ציקל.

דעם גוף, וואָס איז ניט שיין,
וועט באַלד דער טויט פאַרלענדן,
נאָר ס׳ווען טעג פאַרגיין,
די פליגל וועלן בלענדן.

# אַ הירש

אין אָסיען, אין אַ טאָג אַ פֿראָסטן,
אין פעלד פאַרגרויטן און פאַרלאָזטן,
ווי אין אַ וויסט אַ טויטער,
האָב איך געזען אַ הירש מיט הערנער,
ווי צווייגלעך דערנער,
און מיט אַ פעל אַ רויטער,
וואָס האָט געבלאַנקט,
געפלאַקערט ווי אַ פלאַם
אין אָפּשיין פון דער זון, וואָס האָט געצאַנקט.
איך בין געשטאַנען ווי אַ תּם,
געגלאָצט די אויגן: זע נאָר, זע —
אַ ברענענדיקער סנה.

# אַן אינד

דורך וועלדער — שיטער און געדיכט,
אין שאָטן קופּער, גאָלד אין ליכט,
אויף שווינדלענדיקע פיס, ווי טראָפּנס רעגן,
אַנטלויפט אַן אינד אין גרויל
פון פאַר דער חיה מיט איר הונגעריקן מויל
און פאַר דעם מענטש מיט זיין פאַרשייטער קויל,
וואָס שיסט פון שיסן וועגן.

און דאָרשט זי, לויפט די אינד ניט גלייך
פון וואַלד אַרויס צום טייך.
אין שאָטן זיך באַהאַלטן,
מיט אויגן מילדע, נאָר אָן רו,
זי קוקט צי לויערט ניט אַוואו
דער טויט, וואָס האָט אַ סך געשטאַלטן.
זי שפּרייט די נאָזלעכער צו שנאַפּן
די ריחות פון אַרום,
שטעלט אָן די אויערן צו כאַפּן
דעם שטילסטן רויש און זשום,
און אויף איר פעל לויפט אום,
ווי אויף אַ וואַסערפלאַך,
דער ציטער אויף דער וואַך,
און, גרייט צו גיבן זיך פון אָרט אַ ריס,
אַליין פון באָדן הייבן זיך די פיס.

די קלאַנגען, ריחות אויסגעפּאָרשט,
אין טייך לעשט אָפּ די אינד איר דאָרשט
און קושט איר שאָטן מויל צו מויל.
די פעל אין שפּיגל גיט אַ ציטער.
איז, אינד, דאָס וואַסער דיר ניט ביטער,
ווען דיינע אויגן טרינקען גרויל?

# על־פי־טבע

אין אַ פּאַנצערל פון שופּן,
מיט אַ ווערעמל אַ הוילן
האַלט אַ פישעלע מלחמה,
ווי דאָס לעבן האָט באַפוילן.

ס׳האַלט מלחמה מיט אַ וואָרעם,
ווייל דער וואָרעם איז אָן ביינער,
אָבער פאַר דעם העכט אַנטלויפט עס
און באַהאַלט זיך צווישן שטיינער.

און ס׳פּאַרטייעט זיך און ציטערט
פאַרן שאָטן פון אַ מעווע, —
וואָס איז העלדיש און פחדניש
ווייס ער גאָרניט על־פי־טבע.

על־פי־טבע ווייס דאָס פישל
ווען צו קעמפן, ווען צו לויפן, —
על־פי־טבע וויל עס לעבן,
לעבן וויל עס בכל־אופן.

# אַ גאַנדז

פאַראומערט ווי דער הימל,
פאַרגליווערט ווי דער פלוס,
דעם שנאָבל אין אַ פליגל, —
אַ גאַנדז שטייט אויף איין פוס.
אַ פעדער אויפן פליגל
בלויז ציטערט פון איר הויך
און קוים־קוים וואָס עס וויגט זיך
דער פאַלד, וואָס הענגט פון בויך.

דער מוטער־פאַלד פון טראָגן
פאַרשעמט איז ווי אַ מום, —
דער מענטש, וואָס רויבט גאָטס ברכה
און מאַכט אַ ברכה פרום,
רויבט ביי דער גאַנדז די קינדער
און שטאָפּט זיי שפייז אין האַלדז
און אונטער הייסע פאַכוועס
באַטאָפּט די גוליע שמאַלץ.
זיי איינגעקרעמפּט די פליגל,
די פיס געבונדן פעסט,
ער ברענגט זיי צו דעם שוחט:
— באַצאָלט, גענדז, פאַר די קעסט.

פון גרויען כמורנעם הימל
נעמט נידערן אַ שניי.
עס טוט די גאַנדז אַ שוידער
און פליט מיט אַ געשריי.
וואָס האָט זי זיך דערשראָקן?
האָט זי אין שניי דערבליקט
דעם פוך פון אירע קינדער,
וואָס מענטש האָט אָפּגעפליקט?

# דאָס ניט־געניטע הינדעלע

ווען ס׳האָט דאָס הינדעלע זיך אויסגעפּיקט פון איי
און פאַר גרויס פרייד געגעבן אַ געשריי,
געקוואָקעט האָט די מאַמע אירע: — ניטע!
דו ניט־געניטע!
די קאַץ וועט נאָך דערהערן,
מיין פייגעלע פאַרצערן. —

ווען שפּעטער האָט דאָס הינדעלע פון גאָלד
באַקענען זיך מיט ראַבטשיקן געוואָלט,
געקוואָקעט האָט די מאַמע אירע: — ניטע!
דו ניט געניטע!
דער הונט האָט שאַרפע ציין,
ער פרעסט דיך אויף מיט דיין געביין. —

ווען ס׳איז דאָס הינדעלע אין הויף אַליין געלאָפן
(געמיינט די מאַמע איז געשלאָפן),
געקוואָקעט האָט די מאַמע אירע: — ניטע!
דו ניט־געניטע!
דיין לעבן איז אין קאָן,
קוים פליט אַ שפּאַרבער אָן. —

ווען ס׳איז דאָס הינדעלע אַוועק פון מאַמעס פליגל
און האָט פאַרקוקט זיך אין אַ וואַסער־שפּיגל,
געקוואָקעט האָט די מאַמע אירע: — ניטע!
דו ניט־געניטע!
אַ הינדל צו אַן ענטל איז ניט גלייך,
דו וועסט דערטרינקען זיך אין טייך. —

און אַז עס האָט דאָס הינדעלע געקלאָגט
פאַרוואָס ס׳איז אַלץ פאַרבאָטן און פאַרזאָגט,
געקוואָקעט ווידער האָט די מאַמע אירע: — ניטע!
דו ניט־־געניטע!
עס איז ניט גוט צו קלאָגן,
מיט פראַגעס נאַרישע זיך פּלאָגן. —

## אַ קאַטשקע

גרינט אַ קאַטשקע אויפן וואַסער,
גרינט אַ קאַטשקע ווי דער פרילינג,
איז דער וואַסערפלאַך אַ שפּיגל
און די קאַטשקע איז אַ צווילינג.

ס׳גרינט אין שפּיגל נאָך אַ קאַטשקע
אַזאַ גרינע ווי דער פרילינג,
אַזאַ גרינע ווי איר שוועסטער;
ביידע גרינע ווי אַ צווילינג.

נייגט זיך איינע פאַר דער צווייטער,
זיי באַגריסן זיך: „גוט־פרילינג“.
און אַ קאַטשקע קושט אַ קאַטשקע,
ווען פון וואַסער טרינקט איר צווילינג.

# דער מאַן מיט די טויבן

טויבן אויפֿן גוטן מאַן —
אויף די אַקסלען, אויפֿן קאָפּ.
ווי די שטראָמען פון פאָנטאַן —
טויב אַרויף און טויב אַראָפּ.

טויבן שטראָמען מיט אַ רויש
און זיי וואָרקען אַ געזאַנג
צו דעם מענטש, וואָס איז אַרויס
ניט צו פאַנגען קיין געפאַנג.

ניט אַרויס איז ער אויף רויב,
לויפן טויבן ניט פון אים.
זינגט ער פרידלעך ווי אַ טויב
מיט אַ וואָרקענדיקער שטים.

יעדע טויב איז אים באַקאַנט
און אים קאָנען אַלע וואויל,
עסן טויבן פון זיין האַנט
און זיי טרינקען פון זיין מויל.

טויבן אויפֿן גוטן מאַן —
אויף די אַקסלען, אויפֿן קאָפּ.
איז אַ גוטער מענטש פאַראַן,
טרעטן זיי פון אים ניט אָפּ.

# מרים די נביאה

מרים האָט אין פּויק געשלאָגן
און געזאָגט אַזוי צו זאָגן:
— פערד און רייטער זינקט אין ים...
מיין נבואה איז ניט סתם.
מרים האָט זיך ניט פאַרלאָרן
אין די ביטער־שווערע יאָרן,
ווען מיר זיינען קנעכט געווען,
ווייל זי האָט פאָראויסגעזען.

איצטער זינגט מיין ברודער משה
און זיין שירה איז אַ גרויסע,
אָבער קורץ איז מיין געזאַנג,
ווייל איך זינג עס שוין פון לאַנג.
איידער משה איז געבוירן,
האָב איך שוין ביי גאָט געשוואוירן:
„מאַמע, טרערן מאַכן בלינד.
„ס׳וועט באַפרייען אונדז דיין קינד.“

ס׳וויסן קינדער אין די וויגן,
אַז כ׳האָב ניט געזאָגט קיין ליגן,
אָבער ווער האָט מיר געגלויבט,
און די מאַמע איבערהויפּט,
ווען אין קעסטל ווי אין אָרון
האָט זי משהן אין די ראָרן
פון דעם ברעג געטאָן אַ שטופּ —
אפשר צו זיין נאַסן גרוב.

ס׳האָט זיך גאָט געשפּילט מיט פרעהן —
דורך זיין טאָכטער אים צו נאַרן,

אַז אין פּרעהס הויזגעזינד
זאָל זיך האָדעווען דאָס קינד,
ביז ס׳וועט משה מיט זיין שטעקן
דעם געשטאַרקטן אָרעם שטרעקן
און די שפּיל פון גלויב און האָף
ברענגען צו אַ גוטן סוף.

## אַ נסים־שיפעלע

שווימט אָן זעגלען און אָן מאסטן
אַ קליין שיפעלע — אַ קאַסטן, —
יידיש שיפעלע פון נסים
מיט אַ ייִנגעלע אַ זיסן.

וויפיל פון אברהמס זאָמען
ס׳וואַרפט ניט פּרעה אין די תהומען
און דער גואל פון די יידן
שווימט זיך אויפן טייך אין פרידן.

ס׳וואַסער מאַכט אַ כישוף־עיגול,
וויגט דעם קאַסטן ווי אַ וויגל
און די קראָקאָדילן שטאַרן
בלינד, געגליכענע צו פּרעהן.

ס׳גיט קיין ראָר זיך ניט קיין טרייסל —
מיט אַ מלאך שפּילט זיך משהל,
וואַרפט די פיסלעך, ציט די הענטלעך.
שטראַלט דער קאַסטן מיט די ווענטלעך.

# אַן אַלטע מעשה

שווימט אַ ייִנגל אָן אַ נאָמען
אין אַ קעסטל, ניט קיין שיף,
ווייס מען — ס׳איז אַ ייִדנס זאָמען,
ליידן איז זיין יחוס־בריוו.

פרעהס טאָכטער ווייס עס טאַקע,
נאָר זי טראַכט אין האַרץ אַזוי:
— איך וועל אויסהיילן אַ מכה,
מאַכן פון אַ ייִד אַ גוי.

וואַקסט אַ פרינץ ביי דער פרינצעסין,
וואַקסט אַ ייִד מיט גויים גלייך,
טראַכט זי: — ער האָט שוין פאַרגעסן
זיינע ליידן אויפן טייך.

און איר ליבלינג טראַכט אין פרידן:
— אַלע מענטשן זיינען גוט.
ערשט אַ מצרי שלאָגט אַ ייִדן
און עס גיסט זיך ייִדיש בלוט.

קומט דער פרינץ צו הילף זיין ברודער
און פון פרעהס הויף אַנטרינט.
— זיי ניט, שטיפמוטער, קיין מוטער
און ניט שמד קיין ייִדיש קינד.

# אין משהס שיך

ס׳איז ניט געווען קיין נביא גלייך צו משהן,
אַפילו ניט קיין נביאס זון בין איך,
נאָר מיך אויף אים וועט קיינער ניט פאַרטוישן,
ווען כ׳וועל אין דמיון אָנטאָן משהס שיך.

ניט אומעטום, וואו משה האָט געטראָטן,
אין זיינע שיך אַפילו קומט מען אָן, —
זיי קומען צו אַ גבול, וואָס איז פאַרבאָטן,
אַ גרענעץ, וואו ער האָט זיי אויסגעטאָן.

געקלעטערט באָרוועס האָט צו גאָט דער לערער
און ניט צעשלאָגן זיינע פיס אין שטיין,
נאָר אַז ד׳ער וועג צום פאָלק געווען איז שווערער,
דערציילן זיינע שיך מער פון אים אַליין.

איך טו זיי אָן (אָ לייענער, ניט אסר!)
און כ׳גיי אין משהס שיך מיט פעסטן טראָט.
זיי שטעלן זיך ניט אָפּ ביים ים־סוף־וואַסער
און שפרייזן איבער בלוט אין קריג פאַר גאָט.

זיי טרעטן אָן געוואַקל, שטייף פאַרבונדן,
אויף שאַרפע לוחות־שפּליטער... שיך, בלייבט שטיין!
איך טו זיי אויס, באַטראַכט די פיס אין וואונדן,
צעשניטן דורכן לעדער ביזן ביין.

און משהס ליכט בלענדט אויף, און משהסליידן
אין שטראַלנדיקן פּנים גיט אַ גלאַנץ —
ער טראָגט די צווייטע לוחות, נאָר עס שניידן
די ערשטע, — וואָס צעבראָכן, ווערט ניט גאַנץ.

# יוסף, דער בעל־חלומות

ברידער, מיין זיידן העמד פון לייב ניט רייסט —
אויך אַ העמד אַ זיידנס ווי אַ האַריקס בייסט —
ווען איר וויקלט אויס פון חלום דעם באַשייד,
ווי דעם זיידוואָרעם פון זיין געשפינטעטער שייד,
בלויז צו זען אין שיינקייט
ווערעמדיקע קליינקייט.

ברידער, אין דער גרוב ניט פאַנגט מיך מיט מיין טרוים —
פאַר דעם בעל־חלומות איז ניטאָ קיין צוים.
זיינע גרויע ברידער פאַשען גרויע שאָף,
ער מיט אויגן צוגעמאַכטע זעט אין שלאָף,
ווי די ווענט צערוקן זיך
און די שטערן בוקן זיך.

ברידער, אין קיין פרעמדן לאַנד פאַרקויפט מיך ניט —
איך בין אין דער פרעמד אויך דאָ, אין אייער מיט.
וואו איז ניט דער בעל־חלומות אין דער פרעמד?
אויך פון ליבע וועל איך לויפן אין איין העמד,
ווייל ניטאָ איז אויף דער וואָר,
וואָס מיין דמיון שטעלט זיך פאָר.

# אַ מאַמע פון זיבן זין

זיבן זין האָב איך געבוירן
און פאַר יידן זיי דערצויגן —
צו קיין געץ זיך ניט צו בוקן,
הייבן נאָר צו גאָט די אויגן.

ווײ און ווינד, ס׳איז מיר געלונגען —
ס׳זיינען זעקס פאַר גאָט געשטאָרבן
און דער זיבעטער, דער לעצטער
גייט צום טויט אַ פרייער קרבן.

יינגעלע, מעזיניק מיינער —
כ׳וואָלט פון פרייד באַדאַרפט דיך קושן
פאַר ניט אויפהייבן דאָס רינגל,
ווייל עס ליגט ביים געץ צופוסן —

ווייל עס מיינט צום געץ זיך בוקן,
בוקן זיך פאַרשטעלט, באַהאַלטן.
מוחל דיר דיין חסד, קיניג,
בעסער שטאַרבן אויסגעהאַלטן.

אָבער ווײ איז צו דעם נחת,
ווען צום טויט גייט מאַמעס ליבלינג.
— קיניג, קיניג, טייט מיך פריער
פאַר דעם לעצטן פון מיין זיבלינג.

נאָר דער רשע וויל ניט הערן,
וויל מיר ניט די פיין פאַרמיידן:
— האָסט דערצויגן זיבן יידן,
זיבנפאַכיק וועסטו ליידן.

שייד איך זיך מיט מיין מעזיניק:
— האָב אַ ליכטיקן גן־עדן.
ווּעסטו זען אברהם אָבינו,
זאָג אַזוי דעם עלטער־זיידן:

— שווער איז דיר געווען צו פירן
בלויז איין זון צו דער עקדה,
זיבן זין געבראַכט האָט חנה
פאַר קרבנות, עלטער־זיידע.

דו ביסט בלויז געפּרואווט געוואָרן,
לעבן איז דיין זון געבליבן,
אָבער חנה האָט פאַרלאָרן
אַלע אירע קינדער זיבן.

ווער ס׳וועט משפּטן איר שוואַכקייט,
אויף איר אָרט זיין — וועט ער דאַרפן.
זיי פאַר איר אַ גוטער בעטער,
ווען זי וועט פון דאַך זיך וואַרפן.

# ווילדער קנאָבל

פריער פון דער גראָז דער פריסטער,
פריער פון דער קווייט דער זיסטער
שפּראָצט אַרויס דער ווילדער קנאָבל
אויפן שטויב פון טויטן שטאָפּל,
צוגעקניפּט צום טויט ווי מיט אַ נאָפּל.
מיטן שטויב אויף זיך ווי מיט אַש באַשאָטן,
ביטער ווי דער צער איז ביטער,
קומט ער פרי — פון שיכחה אַ פאַרהיטער —
און ער טונקלט ווי אַ שאָטן
מיט זיין טיפער גרינקייט,
און זיין וואַכע יונגע דינקייט
ציטערט מיט אַ ניט־געטרייסטן ציטער.

ווען די גראָז שמעקט זיס ווי ליקער
און דער לאַנדיש מיט די כוסות רופט,
ניכטערט אויס דער ביטערער די לופט,
וואָס איז פון די ריחות שיכור,
ווי געמוסרט מיט אַ האַרבער שפּראַך
וואָלט אַזוי אַ נביא אויף דער וואַך:

— וואָס דער האַרבסט האָט ניט דערשניטן,
האָט דער ווינטער ניט געמיטן,
די גאַנצע ערד איז אַש פון זיין מזבח,
און אין פרילינג נאָכן בראָך —
וויי און אָך! —
ווי דער ווייַנגאָרטן פון נח,
בליט דער זאָמען
אויפן אַש, וואָס אָן אַ נאָמען.

# אַז אין ניסן פּאַלט אַ שניי

אַז אין ניסן פּאַלט אַ שניי,
זאָל זיך דאַכטן עלעהיי
פרילינג קומט צו רייטן
ווי משיח אויף אַ ווייסן פערד,
און די איילבירט־צווייגל וועט פאַרבייטן
די נאָך ניט־צעשמעלצטע שווערד.
מעג די שווערד נאָך פאָכען מיט אַ ווינט,
האַקן ביי דער זון די שטראַלן,
נאָר מען ווייסט שוין, אַז זי דינט
צו אַ קרוין, וואָס איז געפאַלן.
גוטע אָנזאָגער מיט מיילער פולע,
לויפן וואַסערן דורך וואַלד און פעלד
און פאַרכלינען זיך מיט דער גאולה
און דעם גרוס, אַז ווינט איז ניט די וועלט.
מעגן ביימער מיט געקאַרבטער הויט —
פון דער לאַנגער קאַלטער נויט —
שטאַרן נאַקעט און פאַרטעמפּט,
ווי ביים רויבן זייער העמד
וואָלט מען זייער בושה אויף אַראָפּגעצויגן,
אָבער גלויבט ניט די פאַרבלענדטע אויגן, —
ביימער שפירן, אַז עס קומט אַ נייער מאָרגן
און זיי שפּאָרן קניפּעלעך פאַרבאָרגן.
און די ערד, די מאַמע די געליטענע, —
דאַכט זיך אויס, אַז די פאַסיווע
וועט ניט אויפשטיין שוין פון שבעה
נאָך די קינדער די פאַרשניטענע, —
אָבער זע: אין שניי און ווינט,
טראָציק, שקאָציק, אונטער ווינטערס נאָז
ווידער גייט די ערד צו קינד,
שטעקט אַרויס אַ צינגל — גראָז.

# און אַ קליין יינגל וועט זיי פירן (ישעיה)

דער העכסטער בוים איז ניט דער ערשטער, וואָס דערזעט, —
דער העכסטער בוים באַגעגנט פרילינג שפּעט.

דאָס נידעריקע גרעזל,
מיט ערד נאָך צוגעדעקט,
דערשמעקט
דעם ערשטן פרילינג־ווינטל
און שטעקט אַרויס אַ שאַרף און לענגלעך נעזל
און ציט נאָך זיך זיין גרין געזינדל:
— קומט, קינדערלעך, באַגריסן
דעם פעטער ניסן.

און באַלד
פון אַלע ביימער אינעם וואַלד,
וואָס שטייען פרעמדלעך,
דאָס קוסטל, וואָס איז אויך
ניט הויך,
צעוויקלט בלעטעלעך ווי פענדלעך,
באַגעגנט פרילינג פאָכענדיק אַזוי
און טרינקט צו אים לחיים — טוי
פון בלימלס בעכער.

און אויך די ווערבע, וואָס איז העכער,
נאָר איז געבויגן
און בלינד פון וויינען אין געפאַלנקייט,
דערזעט מיט סגי־נהור־אויגן
דעם פרילינג אין דער גרויער קוואַליקייט
פון טייך פאַרשלייערטן אין נעפּלדיקע טרוימען
און נעמט אים אויף מיט פרייד

אין פראָסטן גרינעם ציצן־קלייד,
מיט שפּיצן אָבער ביי די זוימען.

נאָר ניט אַזוי דער דעמב —
ער שטייט נאָך נאַקעט ווי געשטאַנען.
דער מעכטיקער איז טעמפּ,
די שוואַכע און די קליינע שפּירן.
ווי וואויל דער נביא האָט פאַרשטאַנען —
„און אַ קליין יינגל וועט זיי פירן."

## קוסטן און ביימער

אויף ניסן ענדלעך זיך דערוואַרט,
די קוסטן בליען פרי אין פולן שוואונג
און וואַרפן צוויט־קאָנפעטי מיט אַזאַרט
צום ווינט, וואָס איז נאָך קאַלט,
ווי ס'וואָלט מיט אַ באַרוישטער צונג
די פרייד פון זיי אַרויסגעשאַלט:
— מען איז נאָר איינמאָל יונג!

די ביימער אָבער, איינגעפּאַנצערטע אין קאָרע,
נאָך צאַמען זייער יצר־הרע,
ווי ס'וואָלט געווען אַ קליפּה דאָס געבלי,
און בליען נאָך צו פרי —
אַוודאי אומפאַרגיבלעך, —
די ביימער צאַמען זיך באַרעכנט, קאַרג,
צעבינדן ניט די קניפּלעך —
די קנאָספּן מיטן פרילינגוואַרג,
ווי ס'וואָלטן זיי געוואָרנט
די יאָרן:
— מען דאַרף זיך שפּאָרן.

# ווי גוט איז צו גרינען

איך זיץ אין פּאַרק, באַגריס דעם פרילינג.
דערפריידטע מיט דער שמחה פון דערפילונג,
די ביימער גרינען מיט אַ ציטער,
ווי איך אַמאָל, אַן אָרעם קינד,
פלעג שפּרינגען ווי אַן אינד,
ווען איך האָב זיך דערוואַרט אויף אַ גאַרניטער.
און דאָרשטיק נאָך דעם רעגנס דוש
און נאָך דער זונס אַ קוש,
די בלעטער צאַפּלען זיך ווי פישלעך,
בשעת אין וואַסער וואַרפט מען קרישלעך.
און נייע בלעטער גרינלעך־געלבע
און ווייכינקע ווי ענטעלעך אין פּליוש
פאַר דיינע אויגן פון זיך זעלבע
פון קנאָספּן פּיקן זיך אַרויס
און וואַקסן ווי אויף הייוון אויס.

און ס׳קומט מיר אויפן זינען:
— ווי גוט עס איז צו גרינען!
נאָר איך דערמאָן זיך מיט באַדויער,
ווי קורץ עס איז דעם זומערס דויער.

און מיט די אויגן, פול מיט קנאה,
די סאָסנע זוך איך אָפּ —
אָט זי איז אַלעמאָל אַ גרינע!
איך קוק זי אָן און שאָקל מיטן קאָפּ —
איר גרינקייט איז איינטאָניק,
פאַרשטויבט און שטעכיק,
און ס׳איז איר זאַטקייט פּעכיק.
די סאָסנע טריפט ניט מיט קיין האָניק.

# ג אָ ל ד

— דאָס ערשטע גרין איז גאָלד.
גאָלד בלײַבט ניט װי געמאָלט.
דער ערשטער בלאַט איז צװײט,
װאָס נאָר אַ װײַלע בליט.
אין בלאַט גײט בלעטל אײַן.
אַזױ אין אַנגסט אַרײַן
דער עדן איז אַרונטער.
אַזױ דעם אױפגאַנגס װאונדער
פאַרגײט אין טאָג פֿון טעג.
גאָלד היט ניט זײַן פאַרמעג. —

אַזױ זאָגט ראָבערט פראָסט.
דאָס גאָלד מיט גרינעם ראָסט
זאָל װערן גינגאָלד װידער,
זאָג איך, דער איבערשמידער:

— דאָס ערשטע גרין איז גאָלד.
מיט גאָלד צוריק באַצאָלט
אין האַרבסט דער בלאַט, די זאַנג.
עס װידערט אין פאַרגאַנג
דער גאָלדענער באַגינען.
קאָן זײַן, אַזױ געפינען
צום סוף פון טעג, צוריק
װעט אָדם נאָך זײַן גליק.

אַ ל ע ר ל י י

# מתן־בסתר

— תתחדש דיר, בוים. איך באַגרייף,
דו ביסט אין קיין קלייד ניט געבוירן —
דיין הויט איז צעקאָרטשעט און שטייף,
די קעלט האָט אין איר זיך פאַרפרוירן.

תתחדש דיר, בוים, ביסט אַ פראַנט
אין בגד פון בלעטער און בלומען, —
מיט וועמעס באַהילפיקער האַנט?
זאָג, ווער איז דער מלביש־ערומים?

דערצייל. זאָל אַ מויל צו אַ מויל
זיין שם ווי אַ בשורה צעקלינגען,
אַז דער, וואָס איז נאַקעט און הויל,
צו אים זאָל בטחונדיק זינגען. —

דער בוים גיט אַ שטאַמל — אַ שאָרך,
ער שטאַמלט און תמ׳לט — וואָס ווייס ער?
נאָר איך אין זיין שטאַמלעניש האָרך:
— ניט פרעג, ס׳איז אַ מתן־בסתר.

— יאָ, אמתער גנאָד אין געהיים,
מען קאָן דעם בעל־צדקה ניט כאַפּן,
מען ווייס ניט זיין נאָמען, זיין היים,
זיין טיר, וואו אַ נצרך זאָל קלאַפּן.

אַ גנאָד, וואָס פון פליכטן אַנטרינט,
אַ סתירה, דעריבער בסתר. —
דער בוים נעמט זיך וואַקלען אין ווינט,
זיך וואַקלען און מורמלען, — צי ווייס ער?

# די מאַמע־ערד

נאָך פריש איז דער קבר, און גראָז מיט אַן אימפעט
שוין שפּאַרט זיך און ברעכט זיך אַרויס פון דער ערד.
די אייביקע מאַמע ליגט תמיד אין קינפּעט,
איין קינד שלינגט זי איין און אַ צווייטן געבערט.

איר בויך, וואָס איז תמיד אויף טראָגן פאַרנומען,
איז פעט פון דעם טויטן פאַרשלונגענעם קינד.
צוריק גייען אַלע, פון וואַנען זיי קומען,
די מאַמע עסט אויף אירע קינדער פון זינד —

צו זינדיקן ווידער אַן זאָרג פאַר די קינדער,
נאָר זיך צו פאַרזאָרגן מיט ברויט פון איר לייב.
דאָס גלויביקע לעבן — איר מאַן — איז אַ בלינדער,
ער זעט ניט ווי ס'נאַרט אים די סוטה, זיין ווייב.

און שטוינט ער: — ווי שטאַרבן עס קינדער פון לעבן?
דערציילט ניט די ערד מיטן קבר, וואָס פרישט,
ווי זי האָט איר ליבע צוביידן געגעבן:
צום טויט ווי צום לעבן, — די זאָמען געמישט.

א ל ע ר ל י י

# ג ע וו ע ב ן

אויף דער ערד ווי אויף אַ וועבשטול
וועבט דער שפּול פון לעבן
מיט זיין פּאָדעם צווישן פעדעם
דלילה׳שע געוועבן.

פליען — בלויז אַראָפּ צו פאַלן
שפּרינגער צווישן גראָזן;
שפּרינגען ניט די שרעק אַריבער
צווישן קוסטן האָזן.

ווערן פעט אין גרינער וואַלד־שטייג —
צווישן ביימער בערן;
צווישן צווייגן — הינטער גראַטעס —
זינגען פייגל גערן.

מיר, פאַרקלעמטע, איינגעוועבטע
אין געוואַנט פון לעבן,
אויפגעוואַכט פון שלאָף ווי שמשון,
רייסן די געוועבן.

# גאָלד און בליי

די כוואַליעס ברויזן ברודיק,
מיט דאַמף דער נעפּל פּאַכט;
דער ים איז גרוי און זודיק —
אַ טיגל בליי, וואָס קאָכט.

אַ טיגל בליי? ניט אמת.
עס טוט די זון אַ שטראַל
און גינגאָלד ווערט אַלכעמיש
דער בלייענער מעטאַל.

איך פּרואוו ניט זיין ראַיעלקייט,
ס׳אַן אוצר סיוויסיי, —
אויב ס׳גאָלד איז בלויז אַ העלקייט,
איז בלויז אַ שאָטן ס׳בליי.

אָן ריווח און אָן שאָדן
דער קרן אַלץ איז דאָ —
דער ים אין ליכט צי שאָטן
מיט פּערל אויפן דנאָ.

# דער הונגעריקער שפּייזער

אַ מענטש האָט אין פּאַרק געבראָכן ברויט
מיט פינגער געפרוירענע בלויע,
איז צוגעפלויגן אַ ברודער אין נויט,
אַ שפּערל מיט פעדערלעך גרויע.

צוויי גרויע נפשות, מיט איין אונטערשייד: —
דעם מענטשן, דעם אָרעמען קערל
געוואָרעמט האָט ניט זיין גרינגע קלייד,
ווי די גרינגע פעדערלעך — דעם שפּערל.

דער מענטש האָט געצוקט, געקייט און געצוקט,
דער פראָסט האָט גענעפּלט זיין אָטעם,
דער שפּערל האָט אים אין מויל געקוקט
ניט אָפּ פון אים, אַזוי ווי זיין שאָטן.

עס האָט זיך געקרישלט דאָס ברויט דאָס פאַרדאַרטס,
ס'איז עפּעס געפאַלן צום באָדן,
האָט אונטערגעלענט זיך אויך דאָס האַרץ
דער שפּערל — מיט די ברעקלעך שאָדן.

דערוואָרעמט פון שפּייז, האָט דער מענטש אַליין
דעם שפּערל געוואָרפן שיריים,
זיין מויל האָט געשמייכלט צו עפּעס אַ מיין,
אין בליק האָט געפינקלט אַ רעיון.

— אַ לויב דעם דלפן, אַ שאַנד דעם גביר, —
געזאָגט האָט דער מענטש, וואָס איז אָרעם:
אַ גביר, אַז ער עסט, פאַרהאַקט ער די טיר,
באַהאַלט זיך בחדרי־חדרים.

— ניט קלאַפּ אין זיין טיר, דער נגיד איז קאַרג,
ער טיילט ניט זיין סעודה מיט קיינעם.
אָבער אַ שלעפּער עסט אין אַ פּאַרק,
עסט אויך אַ פויגל אין איינעם.

# אויף אַ צדיקס טויט

דער חומש דערציילט:
וואָלט סדום צען צדיקים געציילט,
וואָלט גאָט זיך מרחם געווען,
די זינדיקע שטאָט ניט צעשטערט,
ניט איבערגעקערט
פון וועגן די צען.

אין שטאָט איז אַ צדיק געשטאָרבן,
געלעבט און געשטאָרבן בסוד.
בלויז אים, וואָס אַליין איז אַ קרבן, —
בלויז אים איז דער צדיק אַ שאָד.

דער ברוק, וואָס מען טרעט, איז אַן אָבל,
דער קעלער זיצט שבעה אויף אַש,
נאָר גלייך ווי דער טורעם פון בבל
פאַררייסט זיך דער העכסטער עטאַזש.

עס זינקט דער יסוד, ווי די משא
מער טראָגן וואָלט ער ניט געוואָלט,
די באַנק אָבער זעט בלויז די קאַסע,
בלויז גאָלד זעט דער טעמפּל פון גאָלד.

דערפאַר זעט דעם זשאַווער דאָס אייזן
און ציגל — דעם שפּאַלט אין צעמענט,
און ס׳פּלאַטערן טויבן אין קרייזן,
ווי ס׳וואָלטן די דעכער געברענט.

און שפּערל פון אונטער די בריקן
טשיריקען און קוקן זיך איין
צי פעלט ניט צום מנין צדיקים
דער צענטער, — די שעה זאָל ניט זיין.

# די אַרויסגעשטעקטע צונג

צווישן תליות און תליות — אַ וואַלד,
האָט אַ מענטש, שטאָט צו וויינען און שרייען,
גאָר מיט שפּאָט זיך געשטעלט קעגן גוואַלד:
— קאָנסט מיך הענגען, נאָר כ׳לאַך פון דיר קין.

האָט דער קאָט נאָך אַ תליה געמאַכט:
— אַ געהאַנגענער, ועסטו ניט לאַכן.
נאָר דער מענטש האָט פון תלין געלאַכט:
— טויטערהייט וועל איך שפּאָט פון דיר מאַכן.

האָט דער מערדער דעם שלייף אויפן האַלדז
פון האַרטנעקיקן מורד פאַרצויגן,
אָבער שפּעטן ניט אויפגעהערט אַלץ
האָבן יענעמס לצנישע אויגן.

און בשעת פון דער ערד מיט אַ שוואונג
האָט די שטריק אַ ריס אָפּ אים געגעבן,
אַרויסגעשטעקט האָט ער די צונג,
זיך גערייצט טויטערהייט, ווי ביים לעבן.

און געזען האָט דער קאָט, ווי ער שפּעט,
און פון שפּאָט ניט געקאָנט זיך באַפרייען,
און געהערט ביי זיין טיש און אין בעט:
— קאָנסט מיך הענגען, נאָר כ׳לאַך פון דיר, קין.

# דער מאַן פון גייסט

(ה. ראָזנבלאַט)

די קורצע יאָרן גייען גיך,
נאָר גיכער פון די יאָרן שפּרייזט
מיט זיבן־מײַלנדיקע שיך
דער מאַן פון דמיון־רײַכן גייסט —

דער אָפּגרונט גיט זיך אַ צעשפּאַלט,
די ווײַט גענעענט מיט אַ שפּרונג. —
ער איז פּאַרפּרי פון חכמה אַלט
און אויף דער עלטער איז ער יונג.

ער שפּאַנט אַריבער אָרט און צײַט,
ווי איבער דרענגלעך פון אַ פּלויט,
און אויפן וועג צו אייביקייט
ער שפּאַנט אַריבער אויך דעם טויט.

אַ ל ע ר ל י י

# צו טוביה׳ס בר־מצווה

ווי לאַנג צוריק, אַז דו האָסט זיך געשפּילט אין זעמדלעך
און זיך צו מיר געלאַסטשעט, ווי צום ברעג דער טייך,
און אַט, בר־מצווה־בחור, ביסט באַלד שוין גלייך
מיט מיר אין וואוקס און האַלסט זיך מעשה־גרויסער פרעמדלעך,
כאַטש נעם און אירץ דיך. זאָג איך אַ געזונט אין אייך,
זענט איר דאָס קינד אין הייזקעס מיט די אַקסל־בענדלעך ?
צו מעסטן אייך מיט גאָלד און וועגן אייך מיט רענדלעך,
ווי ציונס קינדער, בין איך ניט אַזויפיל רייך.

נאָר וואָס מיט גאָלד איז גלייך, דאָס וועל איך אויך ניט מעסטן
מיט פּראָסטן קופּער, נאָר מיט דעם, וואָס כ׳שמעלץ צומבעסטן —
דאָס גינגאָלד פונעם וואָרט, געלייטערט אין אַ ליד.
איך מעסט מיט דרייצן סטראָפעס דיינע יאָרן, ליבער,
און כ׳גיב אַ סטראָפע צו, ווייל ס׳גייט מיין פרייד אַריבער,
וואָס דו ביסט ערנסט — אַן אחריותדיקער ייד.

# ווי גייער אויף בערג

ווי גייער אויף בערג, מיט אַ שטריק צוגעקניפּטע,
אַזוי צוגענאָפּלט מיר זיינען, געליבטע,
אַזוי צוגעבונדן, אין שרעק פאַרן אָפּבונד,
מיר הענגען און וויגן זיך איבער אַן אָפּגרונט.

מיר וויגן זיך, וועגן זיך, ווי אויף משקולות,
און דער, וואָס וועגט איבער אין ליבע, וויל שרייען, —
וואָס טיפער די ליבע, אַלץ גרעסער דער גרויל איז,
דער צווייטער, חלילה, זאָל זיך ניט באַפרייען.

ניט ציטער, געליבטע, ניט פּרואוו דעם געפּרואווטן —
ווי שטאַרק ס'איז מיין ליבע, ווי זיכער — מיין טרייהייט.
געבונדן — איך הענג אויף אַ שטריק אין דער לופטן,
נאָר אַז איך צערייס זי, איז אומקום מיין פרייהייט.

אַ ל ע ר ל י י

# אין שפּיגל

איך קוק אויף מיין אַלטן פּאָרטרעט
און קוק אויף מיין פּנים אין שפּיגל, —
די צייט האָט אַן אָנגעגליט זיגל
און בראַנדמאַרקט אַזוי, אַז מען זעט.

פאַרוואָר, ס׳וועט דאָס אויג ניט פאַרבייטן, —
דער יונג אויפן בילד איז ניט איך,
כאָטש עפּעס פאַרמאָגט ער אַ שטריך
פון מיינעם אַ קרוב אַ ווייטן.

דאָס בילד איז געמאַכט צום געדענקען.
כ׳געדענק ניט, וואָס איך האָב געפילט
ביים נעמען דאָס דאָזיקע בילד
מיין „אייביקער״ ליבסטער צו שענקען.

וואו ביסטו, פאַרליבטער ? — ניטאָ.
און איך בין פאַראַן. איז דאָס מעגלעך ?
מיר דאַכט, אַז מיר שטאַרבן טאָג־טעגלעך
און אַרבן זיך זעלבסט יעדע שעה.

מיר אַרבן זיך זעלבסט — אונזער זכר,
דער זכר געדענקט זיך ניט לאַנג.
מיר בייטן די הויט ווי אַ שלאַנג,
נאָר ווערן נאָך האַרטער, ניט ווייכער.

# אַ מענטש איז אַ פאָלק

אַ מענטש צו אַ פאָלק איז געגליכן,
אַן אומה פון דורות און דורות, —
פון וויפיל געשטאָרבענע „איכן"
דער היינטיקער „איך" איז אַ יורש?

מיר שטאַרבן און אַרבן זיך שטענדיק,
דער יורש איז עלטער פון טויטן.
נשמה־ליכט ברענען ניט בלענדיק
און אויסגעברענט ווערן די קנויטן.

די יורשים פאַרגעסן די מתים,
זיי קאָנען זיך גאָרניט דערמאָנען,
ווי האָבן זיי דאָרטן געהייסן,
ווי אויסגעזען האָט זייער פנים.

אַ דור נאָך אַ דור אויף אַ ווײַלע,
דער עיקר איז קיום־האומה.
אַ דור, ער זאָל זיין אין דער מעלה,
דאַרף מאַכן אַ גרויסע מהומה.

נאָר תמיד געדענקט דער זכרון
מיט אַכפּערונג און מיט קדושה
די אבות — די קינדערשע יאָרן,
די אַלעמאָל־נייע ירושה.

# ק ע צ י ש

ווי ס׳וואָלט זיך אָנגעלענט
אַ קעצל מיטן רוקן,
אַזוי האָסטו גענענט,
איך זאָל דיך ניט פאַרקוקן.

איך טו אויף דיר אַ קוק —
דיין מויל קרימט אויס אַ שמייכל
און יאָמערט אויס אַ מיוק:
— פּאַרדאָן, מאָסיע, זייט מוחל.

— אָ קעצל מיט טאַלאַנט,
ס׳קלינגט אויפריכטיק דיין יאָמער.
איז אפשר דיר באַקאַנט
דער עלנט פון אַ תמר?

צו וואָס זשע דער פּאַרדאָן?
כ׳בין זכות אויף דיר מלמד.
און כ׳נעם דיין לאַפּקע אָן,
דיין קליינע האַנט פון סאַמעט.

זי לאַסטשעט זיך מיט חן,
אוי מיר פּאַר אירע ביינדלעך!
דאָס איז אַ קאַץ אַליין
מיט אַלע קאַצן־חנדלעך.

דאָס פינגערל שטרעקט אויס
אַ „העלדזעלע״, ווען כ׳גלעט עס.
דעם קאָטיק פעלט נאָך בלויז,
אַז מורקען זאָל ער קעציש.

די דלאָניע מאַכט זיך אויף,
גיט איבער זיך צום צערטל,
ווי מיטן בויך אַרויף
אַ קאַץ די פיס צעפּערטלט.

איך צערטל, און אַ לץ
מיר לאַכט אין פּנים לציש:
— פון שפּילן זיך מיט קעץ
איז דיין זכרון קעציש.

איך קיצל — קיץ־קיץ־קאַץ
און זיך אין נחת פרעגל,
און ער: — געדענק דעם קראַץ
פון איינגעהילטע נעגל.

איך גלעט מיין קעצל אַלץ,
דעם לץ וואָלט איך דערוואָרגן —
ער ועט נאָך שיטן זאַלץ
אויף מיינע וואונדן — מאָרגן.

אַ ל ע ר ל י י

# צ ע ר פ ו ן ו ו י ס ן

דו האָסט מיך ליב, נאָר ווי די אויגן
פון זען די זיקנה אויסגעצויגן
אויף דיין געזיכט, וואָס איז צעקנייטשט.
דיין ליבע רייצט ניט, נאָר צערייצט.

אַזוי נאָר טראַכט איך, זאָג ניט אָפן —
פאַר ליבשאַפט קאָן איך ניט באַשטראָפן,
נאָר אָסור, אויב מיר וואָלט געשאַדט,
ווען דו וואָלסט מיך גאָר פיינט געהאַט.

וואָלסט מיר פאַרשפּאָרט דעם צער פון וויסן,
אַז מיר פאַראַכטן און פאַרמיאוסן
דאָס האַרץ, וואָס אויף דער עלטער גלוסט,
פיל מער ווי די צעקנייטשטע ברוסט.

וואָלסט מיר פאַרשפּאָרט דעם צער פון וויסן,
אַז ניט געקושט און ניט געביסן,
איז מער פאַרקלעמט דאָס אַלטע לייב,
ווי יונגלייב — פון אַן אכזרס קנייפּ.

וואָלסט מיר פאַרשפּאָרט דעם צער פון וויסן
אַז ליבשאַפט קומט ניט פון געוויסן,
אַז ריין פון תאווהדיקן חוש,
פאַרגוואַלטיקט זיך דער ריינסטער קוש.

# די מייסטער־שנעלקייט

(ראָבערט פראָסט)

דעם ווינט פּעלט אימפּעט, ראַשיק וואַסער קריכט.
צומשנעלסטן וואַנדערט איר. איר קאָנט אַרויף
צוריק צום הימל אויף אַ שטראָם פון ליכט
און קעגן צייטשטראָם טאָן צוריק אַ לויף.
געשענקט איז אייך די פלינקייט, ניט פאַר האַסט,
איר זאָלט ניט בלויז וואוהין איר ווילט נאָר — גיין,
נאָר, וואו אַלצדינג צו זיין פאַרשווענדונג ראַשט,
ביכולת זאָלט איר זיין צו בלייבן שטיין —
אַוועק פון אַלץ אין שטילשטאַנד און באַוועג.
אַ פּאָר ווי איר, מיט אימפּעט אין קאָנטראָל,
קאָן גאָרנישט ניט צעשיידן, זיין אין וועג,
אויב איר האָט אָפּגעמאַכט אויף אַלעמאָל,
אַז לעבן איז בלויז לעבן נאָך און נאָך —
אַ פליגל צו אַ פליגל אין געפּאָך.

# אונטערוועגנס

(ראָבערט פראָסט)

מיר דאַכט זיך, איך ווייס וועמעס איז דער וואַלד.
זיין הויז איז אָבער ניט דאָ באַלד.
ער וועט ניט זען, ווי כ׳שטעל זיך אָפּ
און קוק, ווי שניי מאַכט פול זיין האָב.

מיין פערדל זעט עס מאָדנע אויס,
וואָס כ׳שטעל זיך אָפּ ניט לעם אַ הויז,
נאָר צווישן וואַלד און וואַסער גאָר
אין טונקלסטן פאַרנאַכט פון יאָר.

די גלעקלעך טרייסלט ער צעמישט,
פרעגט אָן צי כ׳האָב קיין טעות נישט.
דעם קלאַנג פון גלעקלעך ענטפערט בלויז
פון ווינט און שניי אַ ווייך גערויש.

דער טונקל-טיפער וואַלד איז פיין.
נאָר איך דאַרף פיל מקיים זיין.
כ׳פאָר ווייטער איידער איך שלאָף איין,
כ׳פאָר ווייטער איידער איך שלאָף איין.

# זיידוואָרעס, חבר

אָ, זיידוואָרעס, חבר,
איך פּויזע און גאַווער
פון איבל, וואָס כ׳קריך,
נאָר כ׳צי מיט אמונה
אַ זיידענע סטרונע
פון שליימיקן „איך״.

ווערט זיסע נגינה
פון איבל און סלינע
און גאַליקן שוים;
די טענער פאַרוועבן
מיין ווערעמדיק לעבן
אין זיידענעם טרוים.

געוויקלט אין ניגון,
אין ניגון ביט־היגן,
דערפיל איך אַ ברי
און כ׳פּאָכע מיט פליגל.
ביסט, ניגון, מיין שפּיגל,
וואָס וויזט, אַז איך פלי.

געוויקלט אין ניגון,
די וואָר איז אַ ליגן,
דער טרוים איז די וואָר.
דעם טרוים וועלן וויקלען
אין זיידענע ציקלען
אַ דור נאָך אַ דור.

# אַ דאַנק מיין מום

מיין טאַטע האָט געגראַמט ברייוו אין אַ טאָג אַ שיינעם;
אין בייזער שעה, מיט זאָרג אַ פולע ווי דער ים,
מיין גוטע מאַמע האָט געשאָלטן זיך צום גראַם,
און איך האָב פרי, נאָך מיט אַ ווערטערשאַץ אַ קליינעם,
אויף זייגלינג־לשון שוין געגראַמלט „מאַם" מיט „האַם".
און צוויי יאָר אַלט, אַן אָפּגעבריטער ביים אַנטוויינען,
האָב איך דעם פעפער מיט אַ נייעם גראַם אינאיינעם
אַראָפּגעשפּיגן פון מיין ביטער צינגל: — סם.

נאָר ניט דערפאַר בין איך געוואָרן אַ פּאָעט.
ווען איך האָב פּראָזע גלייך ווי אַלע שוין גערעדט,
האָב איך געשטאַמלט, כ'פלעג פאַרהאַקן זיך אין מיטן.
נאָר מאָדנע — ווען איך האָב געזונגען, האָט דער ריטם
באַפרייט דאָס וואָרט פון צונג. איך שטאַמל איצט שוין ניט,
נאָר ס'איז מיר אַלץ נאָך גרינגער אויסזינגען אַ ליד.

# מ י י ן  ג אַ נ ג

דעם רייץ־טאַנץ פון די זיבן שלייערן
קאָקעטיש טאַנצט ניט מיין גזאַנג
און ניט ווי אויף אַ שטריק אַ גייערין
איז מיין אוממיטלבאַרער גאַנג.

אָ, ליריש ליד מיינס, לאָז דערפילן זיך,
זינג אָפנהאַרציק, פרעמד ניט בלייב,
ווי ס׳וויס ניט וועגוס פון פאַרהילן זיך
און ס׳רוט אַ צניעות אויף איר לייב.

# אַן אויוון אָן אַ הויז

מיר דאַכט זיך אויס אַמאָל,
ווען כ׳הער ניט פון מיין ליד קיין ווידערקול,
דאָך זינג איך ווייטער אין אַ בלויז, —
מיר דאַכט זיך דעמאָלט אויס,
אַז כ׳בין אַן אויוון אָן אַ הויז.

ס׳איז פלוצים מיטן רויך
אַוועק דער דאַך, די ווענט,
נאָר זע — עס ברענט
אין אויוון איצטער אויך.
דער אויוון היט
די וואַרעמקייט אין זיינע ציגל,
כאָטש ס׳דאַרף זי ניט
דער אַש פון בעט און וויגל.

# אין חלל

מיט אונזער גאָט פון ליכט אַ בונד פאַרשניטן,
מיר זוניקן, נאָר האָבן מיר פלאַנעטן ?
זיי ציען זיך צו אַנדערע מאַגנעטן ;
פון אונזער האַרץ, דעם פייערלעך צעגליטן,
קיין אָפּשיין קומט ניט אונז גוט־יום־טוב ביטן —
פון זייערע פאַרהילטע סילועטן.
איז אפשר, גאָט, גאָר פאַר אַ בלינדער געטין
דאָס ליכט פון דעם נר־תמיד, וואָס מיר היטן ?

נאָר ס׳דרעמלט ניט דער היטער פון די היטער,
אַז ניט פאַרגיין זאָל אויף זיין וועג דעם וויטן
דאָס ליכט — אַפילו פון אַ טויטן שטערן.
נאָך אויפגיין וועט אין שפיגל פון געמיטער
אויך אונדזער שיין מיט שימער מיט באַנייטן
אַפילו ס׳זאָל יאָרהונדערטער געוורן.

# אַ זינגער און אַ זאָגער

איך בין אַ זינגער און אַ זאָגער,
איך האָב צו זינגען פּיל,
נאָר שפּילפויגל איז מיר אַ שוואָגער,
קיין שוועסטער ניט איז שפּיל.

איך בין אַ זאָגער און אַ זינגער –
אין אָנהייב איז דער זאָג.
מיך דיריגירט גאָטס פייער־פינגער,
דער שטראַל פון ערשטן טאָג.

איך בין אַ זאָגער — כ׳זאָג בקיצור,
קיין רעדנער בין איך ניט, —
געציילטע ווערטער שרייבט דער קריצער,
נאָר ס׳בלייבט שוין אין גראַניט.

איך בין אַ לאַכער און אַ קלאָגער —
איך לאַך פון זיך אַליין
אַזוי ווי שרה, נאָר מיט הגר
אינאיינעם כ׳לייד און וויין.

און ווען מיין אומה מאָרדעט קין,
איך בין דעם בלוטס געשריי.
זאָל גרילצן דיר, עסטעט, מיין שרייען,
ווי מיר — דער ווינד און ווי.

# קראַנק

אויף פּערל קרענקט דער פּערל־אויסטער,
כ׳בין אויסטערליש אויף שיינקייט קראַנק.
נאָר ס׳איז די שיינקייט אָן געדאַנק,
ווי גייסט, וואָס ניט מיט שיינקייט הויזט ער.

מיין קרענק אויף שיינקייט צו פאַרדאַנקען
איך מוז נאָך ווערן גייסטיק־קראַנק
צו פּאָרן שיינקייט מיט געדאַנק.
נאָר וואויל איז מיר דעם טאָפּלט־קראַנקן.

אָ זאָל נאָר גאָט מיר כוחות שענקען
און שענקען שיינקייט און געדאַנק,
אַז איך זאָל זיין אויף ביידע קראַנק,
און כ׳בין אויף אייביק גרייט צו קרענקען.

# אַ פראַגע

איך פרעג: פאַרוואָס איך בין אַן אָפּגעשיידטער,
אַז כ׳בין ניט גרויס ביי זיך, נאָר דווקא קליין
און ס׳קלעטערט ניט מיין עלנט אויפן לייטער
צום שטאָלצן טורעמל פון עלפאַנטביין?

עס בוקט זיך ניט צו מיר קיין גאַרב, קיין שטערן
און ס׳צערטלט ניט מיין לייב קיין זיידן העמד,
קיין פרינץ ווי יוסף וויל איך גאָרנישט ווערן —
פאַרוואָס זשע בין איך אָפּגעשיידט און פרעמד?

# פ י נ ט ע ל ע ך

דער בורא־עולם האָט זיין פען אין ליכט געטונקען,
געשטערנט פינטעלעך, בלויז פינטעלעך געשריבן.
האָט גאָט — מיט ליכט זיך בלויז צו רייצן — אויסגעקליבן
דאָס פינטלדיקע כתב, די פינקלדיקע וואונקען ?
גאָטס לייענער האָט פון זיין אויג דעם שלאָף געטריבן,
געלייענט, ביז ער איז אין טויטשלאָף איינגעזונקען,
נאָר, כאָטש פאַרשטאַנען גאָרניט, האָט זיין אויג געטרונקען
די שיינקייט פון גאָטס כתב, וואָס ווערט ניט אָפּגעריבן.

פּאָעט, אַפילו ווען דו וואָלסט מיט דימענטן געפינטלט,
געפינקלט, אָבער ניט באַלויכטן, וואָס איז טונקל, —
נאָך גאָטס מיסטעריע — ווער דאַרף דיין קונקל־מונקל ?
נאָר דו האָסט גאָר אויף ווייסן פינטעלעך געטינטלט
און גאָט האָט ווייס אויף שוואַרץ געשטערנט, ליכט זאָל ווערן.
אויך זיין ניט־קלאָרער מילכוועג איז טומאַן פון שטערן.

# דו און זיי

זיי לערנען זיך פון דיר — צו זיין פאַרבאָרגן,
ווי ס׳וואָלט געווען דעם שעפערס ערשטע פליכט,
נאָר דו האָסט גאָר צוערשט באַשאַפן ליכט
צו אונטערשיידן אָוונט פון פרימאָרגן.
דערנאָך ערשט, דיין עשירות אויסצובאָרגן,
האָסטו דאָס ליכט מיט בילדער אויפגעריכט
און אויפגעלייזט באַשיידן דיין געזיכט,
דיין שאַפונג מיט אַ פּנים צו פאַרזאָרגן.

נאָר דיינע פעלשער — האָב ניט קיין פאראיבל —
דעם עגאָ וויקלען זיי, ווי זיין האַרץ — אַ ציבל,
אין זיבן צודעקן — אים צו מאַכן גרויס,
און ווי אין חושך — פון געהילץ דער שימל,
זיי פינקלען דיר, להבדיל שיין פון הימל,
נאָר ס׳מאַכט ניט, גאָט, דער אמת קומט אַרויס.

# פּאָלעמיש

פּאָעטןריידן שיינע רייד,
איך זוך אין שיינקייט אַ באַשייד;
פֿאַר זיי איז דער באַשייד טריף־פּסול,
פֿאַר מיר איז כשר אויך דער משל.

פּאָעטן ריידן פֿון אינטימקייט,
נאָר הילן זיך אין אומבאַשטימטקייט;
איך אויף אַן אמת בין אינטים
און רעד ניט מיט אַ שטומער שטים.

פּאָעטן דאַרפֿן ניט קיין טעמעס,
פֿאַר זיי דער ניגון איז דער אמת,
פֿאַר מיר דער אמת איז דאָס ליד —
געמיט און גייסט איז איינס ביים ייד.*)

פּאָעטן, זינגט אייך אויבנאויפֿיק
צום טאַקט פֿון אָטעם און פֿון דופק
און רעדט פֿון שלאָף אָן אַ באַשייד,
נאָר איך וועל זינגען וואַכערהייט.

---

*) פֿאַר ביידע באַגריפֿן איז אויף לשון־קודש איין וואָרט — רוח.

# לקראת נחשים

ווער ס׳האָט פאַרזוכט דעם סם פון לידער,
וועט ווי אַ שיכור דאָרשטן ווידער.
דיין זיסער סם איז אויסגעגאַנגען,
דו גייסט ווי בלעם קעגן שלאַנגען.

דו קאָנסט ניט בענטשן, ווערסטו שילטן
(ס׳איז בלק גרייט דיך אָפּצוגילטן)
און לאָזט פּעגאס אויף זיך ניט רייטן,
אים אויף אַן אייזל ווערסטו בייטן.

נאָר ס׳וויל אַן אייזל אויך ניט טראָגן
דעם חוזה, וואָס איז בלינד־געשלאָגן
און זעט קיין מלאך ניט אַנטקעגן,
וואָס שטייט אין וועג אויף קרומע וועגן.

אומזיסט דאָס אייזעלע צו שמייסן,
דו ביסט אויף זיך אַליין אַ כעסן;
גאָר זיך אַליין האָסטו געשמיסן —
דאָס אייזעלע איז דיין געוויסן.

גאָט דיריגירט מיט אַלע זינגער,
ער וועט באַווייזן דיר זיין פינגער
און דעמאָלט ווערסטו טרינקען ווידער
דעם זיסן סם פון עכטע לידער.

# דער פּערל־טויכער

דער טויכער באַצאָלט פאַר די פּערל אַ סך,
מיט בלוט פון די נאָזלעכער וואַשט זיך דער טויכער.
צו שפּרייזן אין תהום, מיטן קאָפּ אויף דער פלאַך,
איז קיינער פון מענטשן נאָך ניט אַזאַ הויכער.

אין תהום אַריין טויכט מען אַראָפּ מיטן קאָפּ,
מיט לונגען אָן אָטעם, מיט זאַלץ אין די אויגן,
מיט פּעך אויפן לייב, ווען דער מאָנסטער־אָקטאָפּ
צו אים נעמט זיך קלעפּן, דאָס חיות צו זויגן.

און אָפט איז די מוטער, וואָס פּערל געבערט,
אַ צוגעמאַכט קעסטל, וואָס היט ניט קיין צירונג.
די פּערל מאָנט איין ביי דעם טויכער איר ווערט —
טויך ווידער און ווידער, לויף נאָך אַ פּאַרפירונג.

און ווייזט זיך אַ פּערל ווי ווענוס ביים ברעג,
איז גליקליך דער טויכער, ער טראָגט זי צו שאַצן.
אַ מבין, ביים שאַצן דעם טויכערס פאַרמעג
פאַרגעס ניט דאָס בלוט פון די לונגען, וואָס פּלאַצן.

# אַ געפּאַרבטער שמירער

איך מאַך מיין ליד ניט פאַר קיין גראַבאייזן צו גראָבן
קאַרטאָפליעס פון דער ערד, — פון אוצרות רעדט מען ניט,
זיי ליגן ניט באַהאַלטן פאַר דעם מאַן פון ליד,
גענוג פאַר אים, וואָס ער וועט עולם־הבא האָבן.
ווי אליהון שפּייז מיר ברענגען ניט די ראָבן,
איך עס מיין ברויט אין שוויס פון וואַשן דעם סופיט
און שקראָבען דעם פּאַרקעט, און צווישן פאָלק אין מיט,
איך בענטש מיט אים מזומן — מיט אַ וואָרט אַ גראָבן.

באַהיט דיך גאָט פון זיין אַ יוצא־מן־הכלל.
ביסטו ביים פאָלק פאַרגעטערט, פון דיין פּעדעסטאַל
ניט נידער, — ס׳פאָלק וועט שפּייען: שקץ־תשקצנו.
נאָר אויב דו מוזסט, — מאַסקיר זיך און פאַרשטעל דיין שיין. —
דאָך וועל איך בעסער אַ „געפּאַרבטער״ שמירער זיין,
ווי אין רעדאַקציע אַ שמירער מיט דער פּענע.

# די ליכטיקע וועלט ניט פֿאַרשמיר

איך פֿאַרב מיט אַ ברוינעם קאָליר אין אַ הויז
די סטעליע, די ווענט און ס׳געהילץ.
די פֿאַרב איז אַ כמאַרע, די באַרשט שפּרייט זי אויס ;
מיך שווידערט די פֿאַרב ווי אַ גרילץ.

— קום, פֿאַרבמישער, קוק אויף דעם חושך אין אייל.
גאָטס חסד פֿון ליכט איז פֿאַרשוועכט.
— וואָס אַרט דיך ? דער קונד איז אַ קראַנט אין אַ הייל.
איך שמיר, נאָר איך פֿיל ס׳איז ניט רעכט.

איך האַלט שוין ביים פֿענצטער. אינדרויסן דער שניי
פֿאַרבט איבער די גרויקייט אויף ווייס.
די גרייז־גראָע וועלט ווערט אַ נייע. איך שטיי
און גאַף אויף דער וועלט איבערנייס.

און ס׳גאַפּט אויך אַ פֿויגל אין ליכטיקן טרוים,
אין פֿוכיקער הענג־בעט פֿון שניי.
נאָר, ווי ער דערזעט מיך, פֿאַרשווינדט ער פֿון בוים
און ס׳בלייבט זיין דערשראָקן געשריי.

פֿון בוים פֿאַלט דער שניי ; פֿון מיין באַרשט רינט אַראָפּ,
ווי מאָרד־בלוט, דער ברוינער קאָליר.
דעם פֿויגלס געשריי אין מיין האַרצן קלינגט אָפּ :
— די ליכטיקע וועלט ניט פֿאַרשמיר !

# אַ פאַרקילטער רעגן

גייט אַ רעגן מיט אַ האָגל, —
אַ פאַרקילטער איז דער רעגן.
אויפן גייער אין זיין וואָגל,
ווי גזלנים אויף די וועגן,
וואַרטן צוגווינטן, וואָס ניסן,
מיט מיקראָבן צו באַשיסן.

אַ פאַרקילטער איז דער רעגן.
די פאַרקילונג אויסצודאַמפן —
— צי מיט פאַרע צי מיט בראַנפן
קאָן ער גאָרניט זיך דערוועגן.
ווייל די טיר פאַר אים שליסט יעדער,
אויך דער שענקער און דער בעדער.

גייט דער גייענדיקער חולה
מיט אַ פיבערהאַפטן אימפעט,
לויפט אַ באָבעלע אַ וואוילע.
כאָטש זי איילט זיך צו אַ קינפעט,
ווען זי הערט אים הוסטן טרוקן,
גרילציק, ווי מען שלעפט אַ נאָגל,
זאָגט זי אים: „דו ביסט מסוכן,
טרינקען דאַרפסטו גאָגל־מאָגל".

טראַכט דער רעגן: — גאָגל־מאָגל...
וואו זשע וועט ער נעמען אייער?
איז ער אָבער דאָך אַ גייער,
גייט ער צו די פייגל פאָגל
אייער זאָלן זיי אים געבן
אָפּצוראַטעווען זיין לעבן.

נאָר די מאַמעס פון די פייגל
אין די נעסטן אונטער דעכער, —
אין די נעסטן ווי אין בייגל,
ווי אין בייגל, נאָר אָן לעכער, —
לייגן אייער, שווער זיך מיען
ניט אויף מאַכן גאָגל־מאָגל,
נאָר פון אייער אויסצובריען
קליינע פייגל, בייע פאָגל.

גלאָצט אַ פויגל אויס אַן אויגל
און צום רעגן גיט אַ זאָגל:
— דו ווילסט מאַכן גאָגל־מאָגל?
כמאַרעס שוועבן ווי די פייגל,
אפשר לייגן זיי אויך אייער.
צו דיין כמאַרע גיי דיר, גייער.

נאָר אַ גייער איז דער רעגן,
אַז איר זאָל שוין גאָרניט פרעגן —
אויף אַראָפּ איז ער אַ שפּרינגער,
נאָר אַרויף — שוין ניט קיין גרינגער.
אָנצוקומען צו זיין כמאַרע
פאָרט דער רעגן אויף אַ פאַרע.

צו זיין כמאַרע קומט דער רעגן:
— איך וועל, כמאַרע, ביי דיר פרעגן,
ווי ביי איינעם, וואָס איז אייגן:
ווי אַ פויגל קאָנסטו שוועבן,
קאָנסטו אפשר אייער לייגן?
איך דאַרף אייער ווי דאָס לעבן.

דונערט, בייזערט זיך די כמאַרע:
— ווייסטו ניט, דו טיפּש איינער,

## גראָטעסק

אייער לייג איך ווי אויף פּאַרע.
כ׳וואָלט באַדאַרפט דיר לייגן שטיינער,
נאָר מיט אייער, זע, איך האָגל.
נעם און מאַך אַ גאָגל־מאָגל.

האָט ער אייער אַ שפּאָר־ביסל,
ניט צו זשאַלעווען קיין טראָפּל,
דאַרף דער רעגן נאָך אַ שיסל
זיי אַהין אַריינצוגיסן
און — אַ לעפל צי אַ גאָפּל
צו צעקלאַפּן און צעמישן,
נאָר ס׳איז פון די קליינע זאַכן,
אויך אָן זיי וועט ער עס מאַכן.

האַלט דיר, קעכין, האָב דיר, קעכער,
דיינע בעכן מיט די בעכער
און דעם רעגן גיב די דעכער,
גיב די דעכער מיט די רינעס
אויף צו מישן מישעניגעס.

אויף די הילכנדיקע דעכער
קלאַפּט דער רעגן ווי אַ בלעכער,
האָגלט מיט אַן אייער־האָגל
און ער ברעכט זיי אָן אַ נאָגל
און ער גיסט זיי אין די רינעס,
אין די רינעס — מיש־מאַשינעס,
און עס גייט ווי אויף ספּרונזשינעס —
איינס און צוויי, און פון דעם האָגל
ווערן פּעסער גאָגל־מאָגל,
פּעסער ביז די ברעגן פולע.
חולה, טרינק און האָב אַ פּעולה.

# קונקל־מונקל

.1

אַ דאַמע מיט אַ הינטעלע —
די לבנה מיט אַ שטערן —
אַן אַנגעשמינקטע, קוקט אַרויס
אַ קאָמפּלימענט צו הערן.

זי קוקט אין שפּיגל פונעם טייך,
וואָס שמייכלט איר אין פּנים;
זי אָבער חנדלט זיך און פרעגט:
— איז רויט ניט פאַר נאַראָנים?

פון פּנים ווישט זי אָפּ די פאַרב:
— בלאַס איז אפשר שענער?
די בלאַסקייט פּאַסט איר צום געזיכט,
מאַכט איידעלער און קלענער.

זי פּודערט זיך דאָס נעזל צו,
די באַקן און דעם שטערן
און קוקט זיך אָן: — איז גוט אַזוי?
— וועט זי געפעלן ווערן?

זי טוט נאָך אָן אַ פרום געזיכט
און שמייכלט: — דאָס־אָ איז עס.
איר שמייכל איז געהיימניספול
אַזוי ווי מאָנאַ־ליזעס.

.2

און די לבנה קאָקעטירט,
נעמט אויס און נעמט זיך איבער.
די וועלט ליגט אונטער אירע פיס,
דערקלערט זיך איר אין ליבע:

דער שטאָלצער באַרג האָט אין סאַלוט
פֿאַר איר זיך אויסגעצויגן;
דער טאָל מיט ראָסע קוקט פֿאַרליבט
מיט פֿינקלדיקע אויגן;

דער וואַלד האָט אָנגעצונדן ליכט,
ער קאָן די נאַכט ניט שלאָפֿן;
דאָס אויג פֿון טייך איז אין עקסטאַז
און מיט אַ טרער פֿאַרלאָפֿן;

אַ סערענאַדע זינגט דער פֿראָש,
אַ גיטאַריסט דער גריל איז.
נאָר די לבנה העכער שטייגט
און רייצט זיך בלויז ווי לילית.

.3

נאָר שאַ. וואָס בילט דער הונט, ווי ס׳וואָלט
אַ גנב שטיל געשאַרט זיך?
אויף דער לבנה בילט דער הונט
און אויף דער וועלט, וואָס נאַרט זיך:

— האַוו־האַוו! אַראָפּ פֿון פּעדעסטאַל,
פֿאַרדעכטיקע נקבה!
אַ מאַסקע איז דיין פֿרומער חן,
דיין שיין איז לויטער גנבה.

האַוו־האַוו! דיין ביסל ליכט איז פֿרעמדס,
דו רייצערקע דו וויסטע!
דו האָסט דען פֿייער, וואָס דו ברענסט?
אַליין אַ קאַלטע ביסטו.

האַוו־האַוו! סענטימענטאַלע וועלט!
לונאַטיקעס, נאַראָנים!
כ׳דערשפּיר דעם שקר און איך ביל
דעם גנב גלייך אין פּנים.

.4

ס'איז שפּעט. וואָס שלעפּט זיך נאָך אַרום
מיט וואָלקנס די לבנה,
בנעימותדיק און צניעותדיק —
אַ הייליקע מאַדאָנע?

איז דען אַ וואונדער, וואָס צו איר
אַ וואָלקן אַ מגושם
שטייט צו, ווי צו אַ גאַסן־פרוי,
און נעמט זי דריקן, קושן?

וואָס פּראַוועט זי נאָך פּוילע שטיק
און רייסט זיך פון דעם וואָלקן,
בשעת איר פּנים שטראַלט מיט פרייד
פון שעלמישע דערפּאָלגן?

און אַז דער ווינט באַפרייט זי שוין,
וואָס לויפט זי ניט די „נאָנע",
נאָר שלעפּט זיך אום די גאַנצע נאַכט
און רוקט זיך אין סכנה?

.5

עס דעמפּט זיך אויס די וועלט פון טשאַד,
דער טאָג מאַכט אויף די וויעס.
לבנה, קוק זיך אָן אַצינד
און זע, ווי דו ביסט מיאוס.

דאָס וואַסער ווישט זיך מיט אַ ווינט —
ס'וויל אָפּמעקן דיין פּאַרצע.
דער וואַלד זיין חלום בטלט אויס
צו אל־די יאָר די שוואַרצע.

אַ רויט־פאַרשעמטער, שטייט דער באַרג —
פון נעכטן ניט דערמאָן אים.
דער טאָל פאַר לאַנגווייל הערט ניט אויף
דיר גענעצן אין פּנים.

די זינגער דיינע פון דעם זומפּ
ווי שטומע פיש איצט שווייגן
און שירה זינגען ניט צו דיר
די פייגל אויף די צווייגן.

דער לויבגעזאַנג איז צו דער זון,
וואָס מאַכט ניט קונקל־מונקל —
איר חן — נאַטירלעך, הייס — איר קוש.
די זון האָט דיך פאַרטונקלט.

---

## אַ ציג אַ סופראַזשעטקע

פירט דער באָק זיין סטאַדע ציגן
און אַ יונגע ווילדע ציג,
ווי געביסן פון אַ פליג,
שפרינגט און מעקעט: — ווײ־געשריגן!
ווי דער באָק, וואָס גייט פון פאָרנט,
איז באַבערדלט און באַהאָרנט
יעדע ציג, וואָס ווערט געפירט.
וואָס זשע גייט דער באָק דער ערשטער?
איבער זיינע גלייכע הערשט ער.
ציגן, שווייגט ניט, פּראָטעסטירט!

# שבת

זיכער, אַז אום שבת
לאָקערט ניט די קאַץ,
ציקלט זיך דער פויגל —
פון דעם סאָד דער ש״ץ.

דאַוונען מיטן חזן
ביימער אָן געאייל,
זיכער, אַז קיין יינגל
רייסט ניט אויבס דערווייל.

אויף אַ פולן עמער,
ווי אַ כוס אין האַנט,
מאַכט דער אָצאָפּ קידוש
ביי דעם ברונעמס ראַנד.

וואַשט די הענט אַ ווערבע
און אַ דעמב אין פעלד
מאַכט אויף ווייץ המוציא,
נאָר אַ מעסער פעלט.

רוישט ער אומצופרידן:
— גוט־אַ סכין, נו.
און אַ בלאַנקן מעסער
טראָגט אַ שטראַל אים צו.

עסט דער גאָרטן רעטאַך
און די זאַטע פּרעש
שווימען אום אין טשאָלנט
פון די סאַזשעלקעס.

## גראָטעסק

עסט דער הימל קוגל —
קוגל איז די זון —
בריט עס, און קיין צימעס
מאַכט ער ניט דערפון.

כאַפּט ער זיך אַ דרעמל,
ווינטלעך שושקען „שאַ“,
בלאָזן און פאַרקילן
וואָלקנס פון פּעטשאַ

## פּאַסטאָראַל

גאָטס נאָגל — דער מולד וויזט אָן
די שטערנדלעך ווי צו קאָלופּען;
זיי לעכערן דורך דעם טומאַן,
דער טייך גיט אַ בלאַנק ווי מיט שופּן.

דער פּאַסטעך — דער ווינט טרייבט אַהיים
די וואָליקע וואָלקנס פון פּאַשע.
דער טייך אין זיין וואַסער פאַרקאָכט
פון מולד און שטערן אַ קאַשע.

אַ שיפּל — אַקאָכלעפל מישט
דאָס מילכיקע מאכל אין טעפּל
און ס׳בלאָזט שוין אויף הייסן דער ווינט,
כאָטש ס׳זעצט נאָך אַ פּאַרע — אַ נעפּל.

## ניסן

די זון איז פאַרנעפּלט,
דער נעפּל איז זוניק —
אַ זילבערנער טוניק
אויף זון־גאָלד פאַרקנעפּלט.

נאָך ניט קיין באַהעמדטע,
אַ גראָז־שירץ דערווייליק
גייט שיטער און איילִיק
די ערד די פאַרשעמטע.

מיט נאַקעטע ריפּן
דער בוים ווי אַ קמצן
נאָך וויל ניט צעקניפּן
די קניפּלעך מיט קראַנצן.

נאָר ס׳בליען שוין קוסטן
מיט גאָלדענע קווייטלעך,
באַהענגען די ברוסטן
אַזוי ווי מיט קייטלעך.

און זכר, נקבה,
ווי ערשט פון דער תיבה,
די פייגל באַפּעסטן
די חרובע נעסטן.

# דער פרײ־פרילינגדיקער בוים

נאָך אײדער דער בוים האָט באַקלײדט זיך מיט בלעטער,
שױן האָט ער צעבליט זיך, באַצירט זיך באַצײטנס.
גאָר אַנדערש װי ס׳פּירט זיך בײ לײטן —
אױפריער די קלײד און די צירונג שפּעטער.

שטײט נאַקעט דער בוים אומפאַרשעמט —
די בלומען נאָך מער אים אַנטבלױזן,
אַזױ װי אַ פרױ אָן אַ העמד,
באַהאַנגען מיט פּערל, פאַרשײטער צו אױסזען.

דער טאָג פון אַ װאָלקנס צעפינקלטן זױם
מאַכט שפּאָט פון דעם בוים,
דעם גביר איבער נאַכט, —
ער װינקט מיטן זון־אױג, װאָס לאַכט,
און טײטלט אױף אים מיט אַ שטראַליקן פינגער.
דער װינט, דער צעקלינגער,
פאַרטרױט יעדן אײנעם אַ סוד צו פאַרשפּרײטן
און גרעזער באַרײדן
מיט לאַנגע צינגער.

# נאָך אַ רעגן

אַוועק איז דער רעגן,
דער קלאָגער, די נודע.
דערפֿרייט זיך גאָטס וועלטל
און פּראַוועט אַ סעודה.

עס בייטן די וואָלקנס
די העמדער און גאַטקעס.
די זון באַקט פֿון בלאָטע
רעטשענע לאַטקעס.

דער וואַסערפֿאַל נידערט
אַראָפּ פֿון דער בינע
און טוט פּראָסטע אַרבעט,
שלאָגט פּוטער פֿון פּינע.

אָ לאַטקעס מיט פּוטער
איז טאַקע אַ מאכל —
עס פּאַטשט זיך באַצייטנס
דאָס טייכל אין בייכל.

האָם־האָם מאַכט אַ זשאַבקע,
בלאָזט אָן אירע באַקן.
אַ שוועלבעלע פּיקט שוין —
צי רוי צי געבאַקן.

דעם פֿלאַטערל אָבער
דער מאכל ווערט נמאס,
ער פֿליט צו די בלומען
פֿאַרבייסן מיט צימעס.

# ג אָ ל ד

אַ פֿאָנאַר מיט אַ גאָלדענעם גלימער
רעקלאַמירט אינעם טייך זיין פֿאַרמעגן,
ווי פֿאַרמאָגט וואָלט דער גרויסער באַרימער
אַ גרוב גאָלד, וואָס גייט איבער די ברעגן.

און דער טייך אין באַגייסטערטן שפּיגל
זעט דעם גלאַנץ פֿון אומגלויבלעכן רייכטום
און ער גלויבט, אַז ס׳איז גאָלד אין אַ טיגל,
און מיט אים גלויבט דאָס גאַנצענע טייכטום.

כאַפּן גאָלד די פֿאַרצאַפּלטע כוואַליעס,
און דער לופֿט־מענטש, דער ווינט מנחם־מענדל
לויפֿט און פֿאַלט איבער שטיינער און פֿאַליעס,
און אַ פֿישעלע שפּרינגט נאָך אַ רענדל.

לויפֿן כוואַליעס מיט זייער מאַיאָנטעק
אין די בענק אויף די זיכערע ברעגן,
נאָר מען שטויסט זיי צוריק, ווייל ס׳איז קאָנטיק —
זייער גאָלד איז לעם גאָלד ניט געלעגן.

## דער וועקער (פּאַראָדיע)

— וואַרט נאָר, רויט־אַרמייער,
גיב אַ קוש מיך פריער.
לויף ניט, ליבער,
נעכטיק איבער,
דו געפעלסט מיר זייער.
— איך וואָלט ניט געלאָפן,
נאָר איך קאָן פאַרשלאָפן
און די לינקע
דיסציפּלינקע
וועט מיך נאָך באַשטראָפן.
— דאַרפסט זיך גאָרניט שרעקן,
כ׳וועל אין צייט דיך וועקן,
וועט מען, פעפער,
ס׳רויטע פעפער
דיר ניט געבן שמעקן.
— בלייב איך טאַקע גערן,
נאָר כ׳וועל דיך באַשווערן:
זאָלסט מיך וועקן
מיט אַ שטעקן,
אַז איך זאָל דערהערן. —
ליבט מען זיך אָן זאָרגן,
שלאָפט מען ווי דערוואָרגן.
— היידאַ, חברה,
אויף מאַנעוורע! —
וועקט דער פּויק צומאָרגן.
הערט דער יונג קיין שאָרך ניט,
שלאָפט געשמאַק און האָרכט ניט.
און דער וועקער —
כאַטש מיט פלעקער
וועק די מויד, וואָס שנאָרכעט.

# האָגל

פאַלט אַ וואַסערפאַל פון קוילן.
קיינער זעט ניט די פּיסטוילן,
קיינער הערט ניט זייער קנאַלן,
בלויז די קוילן זעט מען פאַלן, —
שיסן שיסט אַזוי דער האָגל,
שנעלט די קוילן מיט זיין נאָגל.

שרעקן זיך די קינדער איבער
און זיי לויפן אין די שטיבער
און באַהאַלטן זיך, פאַרשליסן,
ס׳זאָל קיין קויל זיי ניט דערשיסן.

נאָר דער האָגל שיסט און וויינט —
שרעקן האָט ער ניט געמיינט,
קלאַפּט ער אין די פענצטער אָן:

— קינדער, כ׳וועל אייך גאָרניט טאָן.
איך וויל ניט דערשרעקן קיינעם,
כ׳ווייז אייך נאָר אַ קונץ אַ שיינעם.
האָקוס־פּאָקוס, איקס־מיקס־דריקס,
כ׳שיס מיט קוילן אָן אַ ביקס.
קוילן שיס איך קרום און גלייך,
פון די קוילן ווערט אַ טייך, —
ניט פון בלוט אַ טייך אַ רויטער,
נאָר פון וואַסער — ריין און לויטער.

# אינהאַלט

## דאָרשט צום קוואַל



## אין די בערג

א י נ ה אַ ל ט

## אַ קאָראַלן־אינדזל



## פון וואַנען איז אַ ייד



## טרויער און טרייסט



## אין דזשאָנגל



## בעלי־חיים

## אינהאַלט



## ביבליש



## אַלערליי

## אינהאַלט